[92 (Менделе)]

א. אבטשוק

# מענדעלע מוכער ספארים

(ש. י. אבראמאָוויטש)

## זיין לעבן און זיינע ווערק

פּאָפּולערע אויסגאבע

אונטער דער רעדאקציע פון נ. אויסלענדער.

קאָאָפּעראטיווער פארלאג „קולטור-ליגע"
קיעוו — 1927

# I

שאָלעם־יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש (מענדעלע מויכער־ספֿרים) איז געבוירן געוואָרן אין שטעטל קאַפּוליע (ווייסרוסלאַנד) בא גאַנץ פֿאַרמעגלעכע עלטערן. די דאַטע פֿון זיין געבוירן איז נישט פֿעסטגעשטעלט. מ'האָט נאָך דעמאָלט קיין פּינקטלעכע געבורט־רעיעסטן נישט געפֿירט. מענדעלעס ערשטער ביאָגראַף און נאָענטער פֿריינט ל. בינשטאָק גיט אָן די דאַטע פֿון ש. י. אַבראַמאָוויטשעס געבורט דעם 20־טן דעקאַבר 1836 יאָר.

שאָלעם־יאַנקעווס פֿאָטער כאַים־מוישע איז געוועזן אין קאַפּוליע אַ גאַנץ אנגעזעענער מענטש. ער איז אַ צייט געוועזן קרוינישער ראָוו און געהאַלטן די טאַקסע. צו אים פֿלעגן קאַפּוליער אידן אָפּט אריין האַלטן זיך אַן אייצע, זיך לאָדן—זיין אַווטאָריטעט איז צווישן די שטעטלשע אידן געוועזן זייער גרויס.

דער יונגער שאָלעם־יאַנקעוו האָט, ווי אַלע אידישע קינדער פֿון זיין צייט, באַקומען אַ רעליגיעזע דערציאונג.

מענדעלעס פֿאָטער איז נישט געוועזן קיין שטאַרק פֿאַנאַטישער מענטש, ער האָט זיך אַפֿילע דערלויבט לערנען דעם זון העברייאיש און דיקדוק (גראַמאַטיק), וואָס ס'האָט זיך פֿאַר יענער צייט גערעכנט פֿאַר אַ שטיק אַפּיקאָרסעס.

אַ גוטע ווירקונג אף מענדעלעס דערציאונג האָט געהאַט זיין רעבע יאָסי רוואונס. אין „שלוימע רעב כאַימס" האָט אים מענדעלע נאָכדעם אַרויסגעפֿירט מיט פֿיל סימפּאַטיע און וואַרעמקייט.

ווען דער יונגער אַבראַמאָוויטש ווערט אַלט 14 יאָר, שטאַרבט בא אים דער פֿאָטער. די מוטער איז נישט בעקויעך ווייטער צו פֿירן די געשעפֿטן. די פֿאַמיליע הייבט אָן שטאַרק נייטיקן זיך.

די קרויווים געפֿינען פֿאַר אַבראַמאָוויטשן אַן אויסוועג: מ'שיקט אים אוועק אין אַ יעשיווע לערנען. די מוטער זיינע האָט כאַסענע פֿאַר אַ צווייטן מאַן, אַ מילנער, וואָס וואוינט אין מעלניק, אַ דאָרף הינטער קאַפּוליע, און זי פֿאָרט איבער מיט די קינדער אַהין.

אין די פֿאַרשיידענע יעשיוועס (טימקאָוויץ, סלוצק, ווילנע) האָט זיך אַבראַמאָוויטש געוואַלגערט צוויי יאָר. דאָס זענען געוועזן פֿאַר אים צוויי שווערע יאָר. ער איז דאָס ערשטע מאָל געהאַט אוועק פֿון דער היים, אַרויסגעפֿאָרן אָן אַ גראָשן געלט, געלעבט פֿון „טעג" בא שטאָט־באַלעבאַטים, ווי הונדערטער אַנדערע יעשיווע־באָכורים, אָן איין נאָענטן מענטשן.

דאָס וואַלגערן זיך אין די יעשיוועס איז אים נימעס געוואָרן און אין צוויי יאָר אַרום (1852!) קערט ער זיך צוריק אום קיין קאַפּוליע.

זיין שטיפאָטער, וואָס האָט אין מעלניק געהאַלטן אַ מיל, האָט געדאַרפט אַ מעלאַמעד צו די קינדער און ער רופט אַבראַמאָוויטשן צו זיך אפן כוטאָר.

אַ שטיק צייט וואוינט דער יונגער אַבראַמאָוויטש באַם שטיפאָטער, לערנט מיט די קינדער, איז פאַרנומען אין מיל. עס לעבט זיך אים אין מעלניק ניט שלעכט. די נאַטור אין מעלניק איז אַ רייכע, אַבראַמאָוויטש רוט דאָ אָפּ, און דאָ פּרוּווט ער אויך צום ערשטן מאָל שרייבן. דאָ שרייבט ער (17 יאָר אַלט) די ערשטע באַגייסטערטע הימנען דער נאַטור. די לידער זיינען קיינמאָל נישט געדרוקט געוואָרן, מענדעלע אַליין האָט זיי אָבער גערעכנט פאַר דעם אָנהייב פון זיין קינסטלערישער אַרבעט. ער האָט אַכאַך שפּעטער וועגן דער צייט געשריבן: „מיין מוזע, מיין עמעס געליבטע מוזע, וועלכע האָט געמאַכט, אַז איך זאָל שליסן פריינטשאַפט מיט די ביימער, פייגלען און באַבעלעך, האָט זיך מיר באַוויזן טאַקע בעשאַס מיין אופהאַלטן זיך אף דער איינזאַמער מיל".

דאָס לעבן אין מעלניק עסט זיך אַבראַמאָוויטשן גיך צו. ס'ווערן אים נימעס די קליינלעכע גראָשנדיקע געשעפטן מיט די מילנערס און דעם פּעטערס קונדן און ער פאָרט צוריק אַריבער קיין קאַפּוליע.

צו יענער צייט קומט קיין קאַפּוליע אַ איד אַ וואַנדערער, אַווּרעמל דער הינקענדיקער, וועלכער פאָרט מיט זיין בויד איבער אידישע שטעט און שטעטלעך. ער קומט אַהיים און דערציילט זיך אָן גליקן וועגן דעם רייכן וואָלין, וואו ס'רינט מילך מיט האָניק, וואו אידן וויסן ניט פון קיין דאַלעס. ער דערציילט וועגן דער פאַרגרעבטקייט פון אָט-אָ די וואָלינער אידן, וועגן זייער אָפּשיי פאַר אַ לאַמדן.

די דערציילונגען וועגן ווייטן וואָלין, די וואונדערלעכע מאַיסעס, וואָס גאַנץ קאַפּוליע האָט מיט זיי געקלונגען, רופן אַרויס באַ אַבראַמאָוויטשן אַ ווילן זיך לאָזן מיט אַווּרעמלען אין וועג אריין. אין קאַפּוליע האָט ער דאָך ניט וואָס צו טון, יונג איז ער, אַ רייכע פאַנטאַזיע האָט ער, — ציט עס אים ערגעץ אהין, און דאָ האָט ער אַ גוטע געלעגנהייט עס צו טון.

אַזוי האָט זיך דער יונגער אַבראַמאָוויטש צו 17 יאָר געלאָזט אין וועג אַריין מיט אַווּרעמל דעם הינקענדיקן.

אָבער גאָר גיך האָט ער דערזעען, אַז ער איז דאָ מיעס אַריינגעפאַלן: אַווּרעמל האָט אים אויסגענוצט, אים גענייט אין יעדער אָרט, וואו זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט, גיין בעטן נעדאָווע, אים געוואָלט פאַרקנאַסן פאַר אַ גווירישע טאָכטער (אין לוצק), קעדיי צו באַקומען היפּשע שאַדכאָנעס, און אַבראַמאָוויטש הייבט אָן צו טראַכטן, ווי אַזוי זיך פון אַווּרעמלס הענט אַרויסצודרייען.

ס'האָט אים אָפּגעראַטעוועט אַ צופאַל: אין איינעם פון די שווערסטע מאָמענטן בעאַייס דער רייזע מיט אַווּרעמל דעם הינקענדיקן, ווען אַבראַמאָוויטשעס פאַרצווייפלונג האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע, האָט ער זיך הינטער

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק צופעליק געטראָפן מיט זיינעם אַ כאַווער. ער האָט אים דער־ציילט וועגן זיין מאַטערניש מיט אַוורעמלען. דער כאַווער האָט אַבראַמאָוויטשן געהאָלפן פּאָטער ווערן פון אַוורעמל דעם הינקענדיקן און אים מיטגענומען מיט זיך קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק.

אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק הייבט זיך פאַר אַבראַמאָוויטשן אָן אַ ניי לעבן.

קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט צו יענער צייט פאַרמאָגט אַ קרייז מאַסקילישע אינטעליגענץ, ס'איז דאָרט געווען אַ אידישע רעגירונג־שול מיט פיל לערער, דאָרט האָט געוואוינט איינער פון די אָנגעזעענסטע מאַסקילים אין רוסלאַנד א. ב. גאָטלאָבער.

אַבראַמאָוויטשן הייבט אָן אַריינצוגיין אין גאָטלאָבערס הויז. בא גאָטלאָבערן טרעפט ער אַ רייכע ביבליאָטעק מיט דייטשע, רוסישע און העברייאישע בי־כער. פאַר אבראמאָוויטשן עפנט זיך אַ נייע וועלט, פון וועלכער ער האָט ביז איצט ניט געהאַט קיין שום פאָרשטעלונג.

דאָס איז געווען סאָף 50־ער יאָרן, ווען אין לאַנד האָבן אַ בלאָז געטון גייע ווינטן. נאָך דער קרימער מילכאָמע (אינמיט 50־ער יאָרן) און נאָכן טויט פון ניקאָלאַי דעם ערשטן (1855) פאַרשטאַרקט זיך אין רוסלאַנד די פרייהייט־באַ־וועגונג. אַלעקסאַנדער דער 2־טער הייבט אָן זיין רעגירן מיט „רעפאָרמעס", אַ טייל רוסישע אינטעליגענץ זעט אין אַלעקסאַנדער דעם 2־טנס פערזאָן דעם קיי־סער־באפרייער, וואָס וועט אויסלייזן די פויערים פון לייבאייגנטום.

אין דער אידישער סוויווע איז דעמאָלט אין פולן אויפבלי די באַוועגונג, וועלכע איז באוואוסט אונטערן נאָמען האַסקאָלע (אויפקלערונג).

דאָס איז געווען אַ באַוועגונג פונם אידישן בירגערטום. די אידישע בור־זשואַזיע, וואָס האָט געשטרעבט צו פאַרנעמען אן אָרט אינם אַרומיקן לעבן און האָט אין די באַדינגונגען פונם צאַרישן רעזשים אָנגעטראָפן אף גרויסע שוועריקייטן, הייבט אָן זוכן אַן אויסוועג פון דערדאַזיקער לאַגע.

די אידעאָלאָגיע פון אָט דער אופגעקומענער בורזשואַזיע איז פאַרקערפּערט געוואָרן אין דער „האַסקאָלע".

די פאָרשטייער פון דער האַסקאָלע־באַוועגונג — די מאַסקילים — זעען די סי־בעס פון דער שווערער לאַגע, אין וועלכער עס געפינט זיך די אידישע מאַסע, ניט אין דעם עקאָנאָמישן און פּאָליטישן צושטאנד פון לאַנד, נאָר אין דעם, וואָס אידן זיינען אָפּגעזונדערט פון די אַרומיקע פעלקער, האַלטן זיך בא זייערע מינהאָגים, זיינען פאַנאַטיש — און די מאַסקילים הייבן אָן צו קעמפן אַקעגן דעם אידישן פאַנאַטיזם, אַקעגן דער אידישער אָפּגעזונדערטקייט. דער מאַסקיל איז כאָלילע ניט אַקעגן רעליגיע, ער איז ניט אַקעגן דעם ראַוו; ער איז נאָר קעגן דעם צוויעס, אַקעגן דער פאלשקייט פון די קלייי־קוידעש, וואָס טוען אָפּ אונ־טער דער מאַסקע פון רעליגיע אַלערליי נידערטרעכטיקע מאַיסים.

אָבער ניט געקוקט אַף דער בירגערלעכער אידעאָלאָגיע פון די מאַסקילים, האָט דאָך א טייל פון זיי, שטייענדיק נאָענט צו די פאָלקס־מאסן, געשפּילט

אין יענער צייט אַ פּראָגרעסיווע ראָל. אין דעם דערשלאָגענעם און אומבאַוועגלעכן צושטאַנד, אין וועלכן ס'האָבן זיך דעמאָלט געפונען די אידישע פאָלקס־מאַסן, האָט דער קאַמף פון די מאַסקילים אקעגן פאַנאַטיזם, זייער פּראַקטישע פּראָגראַם פון בילדונג און פּראָדוקטיוויזירונג געוויזן די מאַסן עפּעס אן אויסוועג פונם פאַרשימלטן אידישן געטאָ.

די מאַסקילים פון דער צייט (די 50־ער יאָרן) האָט מענדעלע שוין אַסאַך שפּעטער אין זיין „ווינשפינגערל" כאַראַקטעריזירט אַף אזאַ אויפן: „ער (ס'האַנדלט זיך וועגן א מאַסקיל) איז געווען איינער פון יענע יונגעלייט מיט אַ יאָר פערציק צוריק אונטער אידן, וואָס זיינען פון טאַנאַך און געמאָרע געוואָרן „באַהאַלטענע מאַסקילים". יענע, אַלייעם האשאָלעם, זיינען ניט אָפּגעזונדערט געווען פונם איבעריקן אוילעם, ניט אין דער אידישקייט, ניט אין האַלבּאָשע. געלערנט, געדאַוונט דריי מאָל א טאָג, זיך געוואַשן, געבענטשט, גלייך ווי אלע געגאַנגען געקליידעט, געטראָגן ארבּאַקאנפעס, ניט געגעסן אָן אַ היטל,—אַלצדינג גלייך ווי אַנדערע, אויסער נאָר, וואָס זיי האָבן זיך מאַטיר געווען איבערצוהיפּערן געוויסע שטיקלעך פּאַיעט, אַביסל אונטערקירצן די קאַפּאָטע, צו לאָזן וואַקסן אַביסל די האָר, אונטערצושניידן אַ קאַפּעלע די פּייעס און האַלטן ריין אויסגעקעמט דאָס בערדל, וואָס דערפאַר פלעג מען אַף זיי צווישן אוילעם עפּעס מורמלען. דאָס זיינען פון יענער צייט די לאַמעדוואָווניקעס אין דער בילדונג".

איינער פון די אָנגעזעענסטע קעמפער פאַר די האַסקאָלע־אידעאַלן איז געווען א. ב. גאטלאבער, און די באַגעגעניש מיט אים האָט אַף אַבראַמאָוויטשן געהאַט א גרויסע ווירקונג.

וועגן זיין באַגעגעניש מיט אַבראַמאָוויטשן דערציילט א. גאָטלאָבער אַזוי:

„אינם יאָר 1852 בין איך געקומען קיין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק, געשיקט פון דער רעגירונג דאָרט צו זיין לערער אין דער אידישער שולע צווייטער ראַזראַד. אין דעמזעלבן יאָר איז צו מיר געקומען א אינגל א ליטוואַקל, גאָר א יונגעס, לערעך 16 אָדער 17 יאָר אַלט. דאָס אינגל האָט שוין געשריבן העברייאיש, אָבער מער האָט ער ניט געקאָנט. אויך איז ער זייער אָרעם געוועזן. ער איז געזעסן אין בעסמעדרעש און האָט דאָרט געלערנט. ווי דער שטייגער בּאַ אידן בניי ראכמאָנים, האָבן זיך געפונען מענטשן, וואָס האָבן אים אונטערשטיצט, ער זאָל קיין הונגער ניט ליידן. ער האָט אָנגעהויבן צו מיר אַריינגיין און האָט בּאַ מיר און בּאַ מיין זעליקער טאָכטער ראָזאַליע פיל געלערנט: העברייאיש, דייטש, רוסיש א. א. וו. דאָס אינגל איז דער איצט באַרימטער ה. שאָלעם־יאַנקעוו אַבראַמאָוויטש".

בּאַ גאָטלאָבערן אין הויז בּאַקומט אבראַמאָוויטש זיין ערשטע וועלטלעכע בילדונג. מ'נעמט אים דאָרט שטענדיק גוט אוף. גאָטלאָבערס טאָכטער לערנט אים אויס דעם רוסישן און דייטשן אַלעפבּייס און די פיר אַקטן אַריפמעטיק. אַבראַמאָוויטש וואַרפט זיך אַרוף אַף דער ויסנשאַפט, וואָס איז אים ביז איצט

ניט געווען צוגיינגלעך, שלינגט גאַנצע ווערק פֿון דער נייער העברייִשער און רוסישער ליטעראַטור און קומט אין אַ קורצע צייט צו גרויסע דערפֿאָלגן.

אין גאָטלאָבערס הויז איז אבראַמאָוויטש אריינגעפֿירט געוואָרן אינם קרייז פֿון די האַסקאָלע־אידייען און ער איז אַפֿן גאַנצן לעבן פֿאַרבליבן א מאַסקיל. אין קאַמענעץ־פּאָדאָלסק האָט אַבראַמאָוויטש כאַסענע געהאַט, ס׳איז גיכער געווען אַ כאַסענע אויס נויט, וואָרום ער האָט קיין שום געמיינזאַמעס מיט זיין פֿרוי ניט געהאַט און איז זיך מיט איר גאָר גיך גאַנץ פֿרידלעך צעגאַנגען.

די באַציאונגען צווישן אַבראַמאָוויטשן און גאָטלאָבערן זיינען אף שטענדיק פֿאַרבליבן אינטימע און האַרציקע; אַפֿילע ווען אַבראַמאָוויטש איז שפּעטער אין זיינע קריטישע אַרטיקלען שאַרף אַרויסגעטראָטן אַקעגן אַסאַך העברייִשע שרייבער פֿון זיין צייט, האָט ער גאָטלאָבערן ניט אָנגערירט. אַבראַמאָוויטש האָט קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרגעסן, אַז דורך גאָטלאָבערן איז ער ארויס אַפֿן ברייטן וועג פֿון בילדונג, אַז די סוויווע באַ גאָטלאָבערן אין הויז האָט אים געוויזן דער וועג צו ליטעראַטור.

נאָך בעאַיס אַבראַמאָוויטש האָט געוואוינט באַם שווער, הייבט ער זיך אָן צו גרייטן צום עקזאַמען אף אַ לערער אין דער אידישער קאַזיאָנער שול. ער האַלט דעם עקזאַמען אויס און באַקומט א שטעלע אין דער קאַמענעצער שול.

אין דער סוויווע פֿון מאַסקילים, א שטיק צייט אין גאָטלאָבערס נאָענטקייט (שפּעטער פֿאָרט גאָטלאָבער איבער קיין אַלט־קאָנסטאַנטינאָוו), הייבט אבראַמאָוויטש אָן זיין ערשטע ליטעראַרישע ארבעט אף העברייִש.

זייענדיק אַליין א לערער, און אונטער דער ווירקונג פֿון די מאַסקילים, וואָס האָבן זיך אַלעמאָל אינטערעסירט מיט דערציאונג־פּראָבלעמען, הייבט אָן אַבראַמאָוויטש זיך אינטערעסירן מיט דידאַקטישע פֿראַגן.

אין א בריוו—אַף העברייִש—צו זיין ברודער—א מעלאַמעד אין א שטעטל—אַנטוויקלט אַבראַמאָוויטש זיינע געדאַנקען וועגן דער נייער דערציאונג. דעם בריוו האָט ער צופֿעליק ניט אַוועקגעשיקט. זיינער א פֿריינט האָט איינמאָל בעאַיס אַ באַזוך באַ אַבראַמאָוויטשן דערזעען דעם בריוו אַפֿן טיש און אים דורכגעלייענט. ס׳איז אים געפֿעלן געוואָרן און ער האָט באַשלאָסן, אַז דער בריוו, וועלכער פֿאַרמאָגט אַסאַך נייע געדאַנקען וועגן דערציאונג און בילדונג, דאַרף אָפּגעדרוקט ווערן. ער האָט אים דעריבער אָן אַבראַמאָוויטשעס וויסן אָפּגעשיקט אין העברייִשן זשורנאַל „האַמאַגיד“, וואו דער בריוו איז דערשינען אונטערן נאָמען: „מיכטאָוו אל דוואָר האַכינוך“ (אַ בריוו וועגן דער דערציאונג) (1857).

די רעדאַקציע פֿון זשורנאַל האָט איינגעלאַדן אַבראַמאָוויטשן אַלס אַ שטענדיקן מיטאַרבעטער.

דער אַרטיקל האָט פֿאַרמאָגט, אכוץ איניקע ריין פּעדאַגאָגישע געדאַנקען, איין גרונט־געדאַנק: אידישע קינדער דאַרפֿן לערנען אויסער אידישע לימודים אויך די לאַנד־שפּראַך און אַנדערע נוצלעכע וויסנשאַפֿטן.

אַבראַמאָוויטש קומט אַזוי אַרום אַריין אין דער ליטעראַטור, ווי א פּובליציסט.

אין זיינע ווייטערדיקע פּובליציסטישע אַרטיקלען טרעט אַבראַמאָוויטש שאַרף אַרויס אַקעגן דער פּוסטקייט, וועלכע האָט זיך איינגעשטעלט אין דער דאַמאָלטיקער העברייאישער ליטעראַטור.

די העברייאישע ליטעראַטור איז אין יענער צייט אינגאַנצן געווען אָפּגעריסן פונם אַרומיקן רעאַלן לעבן. זי איז פול געווען מיט מעליצע, מיט הויכע פראַזן. ניט לעבנדיק אין קאָנטאַקט מיט דער מאַסע, וואָס האָט די שפּראַך ניט פאַרשטאַנען, האָבן די מעכאַברים אין זייערע ווערק קנאַפּ אינזינען געהאַט רעאַלע לעבנס־פראַגן, דער טאָך פונם שרייבן איז ניט דער אינהאַלט, ניט דאָס, וואָס מ׳קומט מיטן ווערק צו זאָגן, נאָר די שפּראַך־קונצן, וואָס ווערן דערפירט צו דער ווילדסטער אַקראָבאַטיק. קעגן אָט־אָ דער פּוסטקייט איז שאַרף אַרויסגעטראָטן אַבראַמאָוויטש. ער ווייזט אָן אין זיינע קריטיק־אַרטיקלען, אַז די העברייאישע ליטעראַטור דאַרף ווערן נעענטער צום לעבן, אָננעמען מער אייראָפּייאישע פאָרמען.

„איך האָב געוואָלט מיטן גאַנצן הארצן, דערציילט דערנאָך מענדעלע אין „סייפער האַזיקאָרן”, אַז אונזערע מעליצים און דיכטער זאָלן ניט ריידן קיין הויכע פראַזן, זאָלן ניט נעמען פאַר שטאָף צו זייער שרייבן די „בנויס לויט”, „איישעס פּויטיפערא אוכעדוימע פאַרשוינען, נאָר זאָלן זיך צוקוקן צום לעבן פון פאָלק און צו אַלץ, וואָס טוט זיך בא אים אין דערהיים און אין קאָהאָל און זאָלן עס אים אַלץ אָפּשילדערן”.

די קריטישע אַרטיקלען זיינען דערנאָך ארויס אין צוויי באַזונדערע ביכלעך: „אַין מישפּאָט” (1860) און „מישפּאָט שאָלעם” (1867).

---

## II

אין 1858־טן יאָר פאָרט אַבראַמאָוויטש איבער קיין באַרדיטשעוו. קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג האָט ער אין באַרדיטשעוו ניט, ער וואוינט באַם שווער (ער האָט אין באַרדיטשעוו אַ צווייט מאָל כאַסענע געהאַט), לערנט און פאַרנעמט זיך מיט ליטעראַרישער אַרבעט.

אין באַרדיטשעוו האָט אַבראַמאָוויטש געלעבט אין סאַמע געדיכטעניש פון דער אידישער פאָלקס־מאַסע. אין שטאָט איז אויך געווען אַן אָנגעזעענע גרופּע מאַסקילים. אין דעם קרייז מענטשן געפינט זיך אַבראַמאָוויטש, מיט די מענטשן אינאייניקעם נעמט ער אַנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבן פון שטאָט.

וועגן אבראַמאָוויטשעס געזעלשאַפטלעכער ארבעט אין באַרדיטשעוו זיינען באַוואוסט נאָר אייניקע פאַקטן. אַזוי האָט דער „קיעווליאַנין" אין 1864־טן יאָר אָפּגעדרוקט אַן אַנקעטע צו די אידישע ליטעראַטן מיקויעך די אידן־פראַגע (די אַנקעטע איז געגאַנגען אין נאָמען פון קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר). אַבראַמאָוויטש איז געווען איינער פון די, וועלכע האָבן זיך גאַנץ געניי אָרויס־געזאָגט וועגן די פראַגן. און ער האָט דערפאַר באַקומען אַ דאַנק פון דער אַד־מיניסטראַציע פון קאַנט.

מיר האָבן נאָך אַ צווייטן פאַקט פון גאָר אן אנדער געביט: די מאַסקילים, וואָס האָבן זיך שטאַרק באַשעפטיקט מיט רעפאָרמירן די שול און די טפילעס, האָבן אין באַרדיטשעוו געוואָלט אויסבויען א קאָרשול — איינער פון די איני־ציאַטאָרן פון דער זאַך איז געווען אַבראַמאָוויטש (1854).

אין באַרדיטשעוו איז ש. י. אַבראַמאָוויטשן אויך ניט איינמאָל אויסגעקומען זיך צוזאַמענצושטויסן מיט די דאָרטיקע גווירים, רעדלפירער, באַלטאַקסעס. וועגן איין צופאַל אַזאַ ווייסן מיר פון א באַשרייבונג פון איינעם לערנער. ער באַשרייבט אין דער העברייאישער צייטונג „האַמייליץ" א קאָהאָלשע פאַרזאַמלונג אין באַרדיטשעוו, וואו אבראַמאָוויטש איז בייגעווען. דאָרט איז פאָרגעקומען אַ גרויסער סקאַנדאַל. אבראַמאָוויטש איז זייער שאַרף ארויסגעטראָטן אַקעגן דעם גרעסטן גוויר פון שטאָט. גאַנץ פאַרשטענדלעך, אַז געזיגט האָט ניט אַבראמאָוויטש מיט זיין הייפל מאַסקילים, ער איז אַף דער אַסיפע דורכגעפאַלן. שפּעטער האָט ער די קאַמפּאַניע גווירים און רעדלפירער אַזוי בייסיק אָפּגע־מאָלט אין זיין דראַמע „די טאַקסע".

קיין שטענדיקן פאַרדינסט האָט אַבראַמאָוויטש אין באַרדיטשעוו ניט. ער באַמיט זיך צו קריגן א לערער־שטעלע, אָבער דערפון קומט גאָרניט אַרויס. ער פאַרנעמט זיך מיט איבערזעצונגען, באַקומט באַ דער כעוורע „מעפּיצײ האַסקאָלע״ א באַשטעלונג אף איבערזעצן אף העברייאיש אילאָוואַיסקיס „געשיכטע פון רוסלאַנד״ לויט דער פּרייז פון 10 רובל אַ בויגן, ער זעצט איבער די ערשטע 3—4 בויגן, וועלכע זיינען ניט געפעלן געוואָרן דער כעוורע—אבראַמאָוויטש האָט זיך ניט שטענדיק געהאַלטן באַם רוסישן טעקסט— און די געזעלשאַפט נעמט צוריק די באַשטעלונג.

אַבראַמאָוויטש פּלאַנעוועט אויך אַרויסצוגעבן אַ צייטונג, איז זיך אַפילע מישטאַדל וועגן דעם אין פּעטערבורג, אָבער דערפון קומט גאָרניט אַרויס.

אין א בריוו צו זיין נאָענטן פריינט ל. בינשטאָק קלאָגט זיך דאַן אַבראַ־מאָוויטש: „איך האָב געהאַלטן אין איין זאָרגן וועגן דעם נוצן פון מיין פאָלק און איך האָב פאַרגעסן צו זאָרגן וועגן מיינע קליינע קינדער. און איצט, ווען עס שטייט פאַר מיר קלאָר מיין גרויסע פליכט קעגן מיין הויזגעזינד, ווער איך פאַרציטערט זעענדיק, אז נאָך אַלע מיינע מי און האָרעוואַניע קומט מיר קיי־נער ניט צו הילף״.

ס'איז אַבראַמאָוויטשן אויסגעקומען ארויסצופאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך פאַרקויפן זיינע ווערק. די האַכנאָסע האָט אָפט ניט געסטייעט אף פּאַפּיר און דרוק־הויצאָעס. דידאָזיקע לאַגע דריקט זייער אַף זיין געמיט און פאַרשווערט זיין שעפערישע אַרבעט. „מיין לאַגע איז איצט שלעכט, שרייבט ער צו זיין פריינט אין 1868־טן יאָר, איך האָב, גאָט צו דאַנקען, אַ פרוי מיט קינדער, און איך קום נאָך אַלץ אָן צו מיין שווערס קעסט און פון אלע האַוואָכעס פון באַקאַנטע צו טון וואָס פאַר מיר, ווערט גאָרניט״.

ניט געקוקט אַף די מאַטעריעלע שוועריקייטן, גייט אַבראַמאָוויטשעס אינ־טעלעקטועלע אַנטוויקלונג פאָרויס. ער הערט זיך ניט אוף צו בילדן. ער גע־פינט זיך דעמאָלט אונטער דער ווירקונג פון דער פילאָזאָפישער ריכטונג, וואָס האָט אָפּגעגעבן אַסאַך אָרט פּאָזיטיווע וויסנשאַפטן און באַזונדערס נאַטור־וויסנשאַפט.

אַבראַמאָוויטש פאַרנעמט זיך אין דער צייט זייער אַסאַך מיט נאַטור־קענטניש, ער זעצט איבער פון דייטש אַף העברייאיש פּראָפעסאָר לענצס בוך וועגן נאַטור־וויסנשאַפט. דער ערשטער באַנד פון דער איבערזעצונג איז אַרויס אין 1862־טן יאָר. אבראַמאָוויטש האָט געקראָגן דערויף 500 רובל שטיצע פון דער רעגירונג.

אין 1862־טן יאָר דערשיינט אין דער רוסישער ליטעראַטור טורגעניעווס „Отцы и дети“. דאָס ווערק מאַכט א גרויסן ראַש. די פּראָבלעם פון טאַטעס און קינדער, וועלכע האָבן אופגעהערט צו פאַרשטיין איינע די אַנדערע, באַ־שעפטיקט דעמאָלט שטאַרק די מויכעס פון דער רוסישער אינטעליגענץ. ניט ווייניק אָנגעווייטיקט איז די פּראַגע געווען אויך פאַר די מאַסקילים. זייער אָפט

זיינען דעמאָלט געווען פאַלן, ווען קינדער פלעגן פאַרלאָזן זייערע פאַנאַטישע עלטערן, אַף שטענדיק מיט זיי צערייסן און אוועק לערנען.

„לימדו היטעוו", וואָס מענדעלע האָט שפּעטער (1868) איבערגעאַרבעט און אַרויסגעגעבן אונטערן נאָמען „האָאָוועס וועהאַבאָנים" („עלטערן און קינדער"), שטעלט דידאַקטישע פּראָבלעם.

דאָס ווערק איז קינסטלעריש נאָך גאַנץ שוואַך. מיר האָבן דאָ דעם געוויינלעכן שאַבלאָן פון א מאַסקיליש ווערק: פון איין זייט די פינצטערע, פאַנאַטישע פערזאָנען, וועלכע זיינען פול מיט בייזוויליקייט, און פון דער צווייטער זייט — די „פּאָזיטיווע" העלדן, מערסטנטיילס יוגנט, וועלכע שטרעבט צו בילדונג. צווישן ביידע צדאָדים גייט אַ קאַמף. די טיפּן זיינען סכעמאַטיש, אָן פלייש און בלוט.

אין דעם ווערק פילט זיך נאָך נישט מענדעלעס שאַרף אויג, נישטאָ זיין בייסיקע סאַטירע, מעגלעך עכשער דערפאַר, ווייל ער האָט עס געשריבן נישט אין דער לעבעדיקער פאָלקס־שפּראַך, אין וועלכער ער האָט געשאַפן זיינע מייסטער־ווערק.

שוין שרייבנדיק „האָאָוועס וועהאַבאָנים", האָט אַבראַמאָוויטש אָנגעהויבן פילן די נייטיקייט איבערצוגיין אַף אידיש.

אַ גרויסע ווירקונג אַף אבראמאָוויטשעס דערנעענטערן זיך צו אידיש, ווי אַף זיין שאַפן ביכלאַל, האָט געהאַט באַרדיטשעוו — דעמאָלט אַ לעבעדיקער צענטער פון אידישן מאַסן־לעבן.

דאָ קריגט ער אויך גיך נאָענטע פריינט, ווי ל. בינשטאָק, מיט וועלכן ער באַפריינדעט זיך אַפן גאַנצן לעבן, ליפשיצן (אַ אידישער שרייבער, אַרויסגעגעבן דעם ערשטן אידיש־רוסישן ווערטערבוך), וועלכער דערנעענטערט אַבראַמאָוויטשן צו אידיש.

דאָ אין באַרדיטשעוו הייבט אַבראמאָוויטש אָן צו שרייבן אַף אידיש, דאָ פאַרטראַכט ער זיינע הויפּט־טיפּן, צו וועלכע ער קערט זיך אַסאַך מאָל אום אין זיינע שפּעטערדיקע ווערק.

נישט אומזיסט האָט מענדעלע, שוין אַסאַך שפּעטער, זייענדיק אין אָדעס, אַזוי געביינקט קיין באַרדיטשעוו. אין א בריוו צו בינשטאָקן פון 9־טן דעקאַבער 1886 שרייבט ער: „מיין מוזע געפינט זיך נישט אין אָדעס, נאָר דאָרטן אַף די ברעגן פון גניל־אָפּיאַטעווקע (באַרדיטשעוו) און טעטערעוו. ווי אַזוי, זאָגט איר, זאָל איך זי טראַנספּאָרטירן אַהער? א העלפט פון מיין רייכטום פאַר איין באַרדיטשעווער אידן!"

און דאָ, אין דער געדיכטעניש פון אידישע פאָלקס־מאַסן, דערפילט פּלוצים אַבראַמאָוויטש, אַז דאָס, וואָס ער שרייבט אַף העברייאיש — א שפּראַך, וואָס דאָס פאָלק רעדט אַף איר נישט — באַפרידיקט אים נישט.

אין זיין „סייפער האַזיקאָרן" דערציילט ער אונז שפּעטער וועגן יענער צייט: „דעמאָלט האָב איך אַזוי געטראַכט: איך קוק זיך צו צום לעבן פון

מיין פֿאָלק און איך וויל אים געבן סיפּורים פֿון אידישן קוואַל אַף דער הייליקער שפּראַך, די ראָזו פֿאַרשטייט דאָך נישט דידאָזיקע שפּראַך און זיי ריידן אַף איוורע־טייטש (געמיינט אידיש — א. א.) — און וואָס קומט אַרויס דעם שרייבער פֿון זיין גאַנצער אַרבעט און פֿון זיין דיינקען, אויב ער ברייינגט דערמיט נישט קיין נוצן זיין פֿאָלק? דידאָזיקע פֿראַגע: פֿאַר וועמען אַרבעט איך? — האָט מיך נישט געלאָזט רוען און האָט מיך געבראַכט אין גרויס פֿאַרלעגנהייט".

דער צושטאַנד פֿון דער אידישער ליטעראַטור איז אין יענער צייט נאָך געווען א גאנץ קלאָגעדיקער. ס'זיינען שוין געווען טעטיק אַזוינע טאַלאַנטפֿולע שרייבער, ווי עטינגער, אַקסענפֿעלד און דיק, אָבער זייערע ווערק זיינען דאָס ראָוו אַרומגעגאַנגען אין מאנוסקריפּט, מ'האָט וועגן זיי ווייניק געוואוסט. ס'איז נישט אינגאַנצן קלאָר, צי האָט אַבראַמאָוויטש געלייענט אַלע דידאָזיקע שרייבער. דרוקן אַ אידיש בוך איז געווען איינע פֿון די שווערסטע זאַכן. קיין פּרעסע אַף אידיש איז נישט געווען.

די באַציאונג פֿון די מאַסקילים צו אידיש איז געווען א נעגאַטיווע. די מאַסקילים האָבן געהאַלטן, אז אידן דארפֿן זיך אויסלערנען די לאַנדשפּראַך און אַף דער שפּראַך אָנהייבן ריידן, — אידיש איז א מיספֿאַרשטייעניש, אַ הויקער אַפֿן קערפּער פֿונם פֿאָלק. מ'האָט נישט גערן געשריבן אַף אידיש און אויב יאָ — איז אונטער א פּסעוודאָנים. ס'איז אַפֿילע דאן געשאַפֿן געוואָרן א טעאָריע וועגן קעמפֿן דורך אידיש אַקעגן אידיש.

אַבראַמאָוויטש, וועלכער האָט זיך געבראָכן דעם קאָפּ: „פֿאַר וועמען אַרבעט איך?", האָט זיך לעכאַטכילע געוואַקלט: „איך האָב מיך דערמאָנט, שרייבט ער, אז אויב איך וועל מיך אַריינלאָזן אין דער „אומווירדיקער" (שפּראַך), וועט מיין קאָוועד זיך באַדעקן מיט שאנד. איך האָב אויך אויסגעהערט די שטראָף־רייד פֿון מיינע פֿאַרערער, די „כויוועווי האַלאָשן האָיווריס", אַף דעם, וואָס איך וועל פֿאַרשוועכן מיין נאָמען און קאָוועד צווישן אידן, אָפּגעבנדיק מיינע קויכעס דערדאָזיקער פֿרעמדער. אָבער די ליבשאַפֿט צום נוצלעכן האָט אין מיר בעזאַצייעך געווען דעם פֿוסטן קאָוועד און איך האָב באַשלאָסן: זאָל זיין, וואָס עס וויל זיך, איך וועל מיך דערבאַרעמען אַף אידיש, די פֿאַרשטויסענע טאָכטער, ס'איז צייט צו טון פֿאַרן פֿאָלק". אַזוי איז אנשטאנען „דאָס קליין מענטשעלע", מענדעלעס ערשט ווערק אַף אידיש (1864).

---

„דאָס קליינע מענטשעלע" האָט ש. י. אַבראַמאָוויטש אָפּגעדרוקט אין דער אידישער צייטונג „קאָל־מעוואַסער", אונטערן פּסעוודאָנים „מענדעלע מויכער ספֿאָרים". ער הייבט אָן זיין דערציילונג „דאָס קליינע מענטשעלע" פֿון דעם, ווי ער קומט צו פֿאָרן מיט זייןביידל ספֿאָרים קיין גלופּסק, מ'רופֿט אים צום ראָוו. דאָרט קומט פֿאָר אן אַסיפֿע, וואו ס'ווערט געלייענט אַ מאנוסקריפּט — די ווידע פֿונם נישט־לאַנג פֿאַרשטאָרבענעם גוויר איציק־אַווראָם טאַקעף.

רעמדאָזיקן מאַנוסקריפּט גיט מענדעלע איבער צום דרוק אונטערן נאָמען „דאָס קליינע מענטשעלע״.

„דאָס קליינע מענטשעלע״ אין דער ערשטער אויסגאַבע (פון 1864) איז גאַנץ ווייט ניט ענלעך צו דעם „קליינעם מענטשעלע״, וואָס מיר האָבן איצט. מיר האָבן דאָרט נאָר אַ סקעלעט פון דעם ווערק. ערשט נאָכדעם נעמט „דאָס קליינע מענטשעלע״ אָן אָף זיך הויט און לייב. „דאָס קליינע מענטשעלע״ איז געשריבן אין אַ גאַנץ טענדענציעזער פאָרם.

אין דעם ווערק פירט אונז מענדעלע אַרויס אַ קליין מענטשעלע, איצכאָק־אַווראָמען, וועלכע גייט דורך אַ שווערע קינדהייט און יוגנט און דערשלאָגט זיך סאָפּקאָלסאָף צו רייכקייט און צו אַ נאָמען אין גלופּסק. אָבער דאָס אַלץ האָט ער דערגרייכט דורך פאַרשיידענע פאַלשקייטן. אין זיין „אַל־כעט״ רעכנט אויס איצכאָק־אַווראָם, דער העלד פונם ווערק, די אַלע אומרעכטן אַדאַנק וועלכע די גווירים געוועלטיקן איבער דער אָרעמער אידישער מאַסע. דאָ איז די זינד פון הייסן יענעם אַרבעטן און אַליין קומען צום גרייטן; רייסן בא אַלמאָנעס, אָרעמע, יעסוימים; האַלטן די טאַקסע און זויגן דאָס בלוט פון פאָלק. אין די „אַלכעטן״, אין וועלכע איצכאָק־אַווראָם איז זיך מוידע אין זיין ווידע, גיט אונז מענדעלע אַ בילד פון דעם פּאַראַזיטיזם אין אידישן לעבן, פון די סאָציאַל־עקאָנאָמישע סטירעס, וועלכע זיינען דאָ בא אידן. מיר האָבן שוין דאָ אין אַ קורצער, טרוקענער אָבער גאַנץ קלאָרער פאָרם אַ בילד פון די געזעלשאַפטלעכע באַציאונגען אין דער דעמאָלטיקער אידישער סוויווע.

וואָר־זשע זוכט מענדעלע דעם אויסוועג? וואו זיינען די מיטלען אקעגן דעם אומרעכט, וואָס ווערט באַגאַנגען אַקעגן די שוואַכערע?

אין דער צוואָע, וואָס איצכאָק־אַווראָם לאָזט איבער, זאָגט ער אָפּ זיין גאַנץ גוטס פאַר אַ טאַלמוד־טוירע פון אָרעמע קינדער וועגן, וואו מ׳זאָל מיט זיי לערנען ווי ס׳באַדאַרף צו זיין (אידיש, רוסיש און אַנדערע וויסנשאַפטן), קעדיי זיי זאָלן ניט אויסוואַקסן אַזוינע פּאַראַזיטן און טויגעניכטסן. אויך אַ האַנטווערקער־שול וויל ער מ׳זאָל מאַכן פאַר דעם געלט, וואו מ׳זאָל אידישע קינדער לערנען אַ מעלאָכע.

אָט־אָ דאָס איז אין יענער צייט מענדעלעס אייצע אַקעגן די אַלע אומרעכטן — ס׳איז די מאַסקילישע פּראָגראַם: אידן דאַרפן זיך בילדן, וועלן זיי ווערן בעסער, אופהערן אונטערדריקן איינס דאָס אַנדערע. מענדעלע איז גרייט צו גלויבן, אַז איצכאָק־אַווראָם וואָלט עפּשער אויך נישט געווען אַזאַ נידעריקער מענטש, ווען ער זאָל נישט געווען אַזוי שלעכט דערצויגן ווערן.

מענדעלעס מאַסקילישע פּראָגראַם ווערט אויך קלאָר פון דעם, ווי ער מאָלט אין „קליינעם מענטשעלע״ דעם „פּאָזיטיוון״ טיפּ גוטמאַנען. גוטמאַן איז אַ טיפּישער מאַסקיל. מענדעלע אידעאַליזירט אים. איצכאָק־אַווראָם הייסט אין זיין צוואָע מאַכן גוטמאַנען פאַר אַ מאַשגיעך איבער דער טאַלמוד־טוירע און דער האַנטווערקער־שול. ער שרייבט דעם ראָוו: „גוטמאַן איז כ׳לעבן אַ

צאדיק, א גוטער, א טייערער מענטש, כאָטש ער גייט אָן א היטל און צוגע־פוצט די באָרד. ער האָט א טייערן כאַראַקטער. איך בעט אייך, רעבע, האָט אים ליב, ער וועט אייך זיכער ליב האָבן".

מענדעלע דער מאַסקיל גלויבט אויך, אז ס'איז מעגלעך א פאַרבינדונג צווישן מאַסקיל און דעם דאָוון — ער איז נאָר אַקעגן די צוואָואַקעס, אַקעגן די, וואָס זויגן דאָס פאָלק, באַהאַלטנדיק זיך אונטער א מאַסקע פון פרומקייט.

„דאָס קליינע מענטשעלע" איז קינסטלעריש גאַנץ שוואַך, כאָטש מענדעלע גיט אונז שוין אין דער ערשטער זאַך זיינער אף אידיש רירנדע בילדער פונם לעבן פון דער אידישער אָרעמקייט, באַזונדערס פון די קינדער.

אויב אין „קליינעם מענטשעלע" האָט מענדעלע פאַרבייגייענדיק אָנגערירט דאָס לעבן פון דער אידישער אָרעמקייט, איז ער אין עטלעכע יאָר אַרום גע־קומען מיט אַ ווערק, וואָס איז דורכויס געווידמעט דעם לעבן פון די אָרעמסטע טיילן פון דער אידישער מאַסע, דער בעטלער־סוויווע. דאָס איז „פישקע דער קרומער", וואָס איז דערשינען אין יאָר 1869.

פונקט, ווי דאָס „קליינע מענטשעלע" איז „פישקע דער קרומער" אין דער ערשטער אויסגאַבע פון 1869 נאָך גאַנץ ווייט פון דעם „פישקע", וועלכן מיר קענען איצט. ס'איז אַ קליין ביכעלע פון 45 זייטלעך, קליינער פאָרמאַט.

אין דעם ווערק האָט מענדעלע אויסגעקליבן אַ באַזונדער ווינקעלע פונם דאַמאָלסדיקן אידישן לעבן, וואָס ער האָט גוט געקענט נאָך פון זיין וואַנדערן מיט אַווראַמל דעם הינקענדיקן, — דאָס איז די בעטלער־סוויווע, די פאַרשידענע שנאָרער, בא וועמען די בעטלעריי איז שוין געוואָרן אַ פּאַרנאָסע, מיט זייערע מינהאָגים, קאָנקורענץ און ליידנשאַפטן.

שאָלעם־אַליכעם האָט שפּעטער (אין 1888־טן יאָר) אָפּשאַצנדיק „פישקע דעם קרומען", געשריבן: „אָט דאָס קליינע ביכעלע איז אינגאנצן איבערגעגעבן דעם אידישן דאַלעס, עס פאַרנעמט זיך אויסשליסלעך נאָר מיט יענע קאַבצאָ־נים, וואָס מ'רופט זיי בא אונז „שלעפּערס", מיט איין וואָרט, — דאָס איז אַ מאַסע פון אידישע אָרעמע לייט".

אין דעם ווערק שטעלט מענדעלע צום ערשטן מאָל אין אַ קינסטלערישער פאָרם אַוועק די פראַגע וועגן דער אָרעמקייט, וואָס איז געוואָרן אַ שטענדיקע דערשיינונג אינם אידישן לעבן.

מענדעלע דערקלערט עס דערמיט, וואָס אין דער אידישער סוויווע זיינען דאָ גאַנצע שיכטן, וואָס פירן אַ פּאַראַזיטיש לעבן און האָבן קלומערשט דאָס רעכט צו לעבן פון צדאָקע. מענדעלע דערציילט אונז אין איינעם זיינעם אַ ווערק: „עס שטעלט זיך מיר פאָר באטאָג אַ אידנס שטוב, ווי דאָרט מאַכט זיך קיין רעגע נישט צו די טיר, עס גייען אָרעמע לייט, יונגע און אַלטע, ווייבער און קליינע קינדער, איינער גייט ארויס, דער אַנדערער קומט אריין. בסוף האַבאָים קומען אָן גאַבעטעס מיט זייער כיין. דערנאָך טוען זיך אַ לאָז שיינע אידן אין זיידענע קאַפּאָטקעלעך, פאָדערן געלט פאר זייער זכוס־אָוועס,

נאָך זיי קומט אַ מאַגיד, אַ יערושאַלמי, אַ מעשולעך, אַן אַגונע מיט אלטע פאַרשימלטע קסאָווים. באַלד נאָכדעם קומט אַ שאַמעש פון שול, מאָנט פאַר אַ שטאָט, פאַר אַן אַליע, פאַר אַ מישעביירעך, פאַר אַ ניידער... ערשט אָפּגעפאַרטיקט זיך מיט דעם, גיבן זיך איינער נאָך דעם אנדער אַ שאָט אַ פעקל פאַרשיידענע גאבאַים מיט פושקעס און אָן פושקעס. איינער מאָנט מאמאָדעס אף ערעץ־איסראָעל, דער אנדערער עפּעס אַף אַ טאַלמיד־טוירע, דער דריטער בעט אַף האַכנאָסעס־קאַלע, דער פערטער אף דעם העקדעש, דער פינפטער אף כעווּרע מישנאַיעס" („די קליאַטשע").

אין דער סוויווע ווערן די אָרעמע לייט פאַרוואנדלט אין אַ שטענדיקן קאָמפּאַקטן שיכט מיט אן אייגנאַרטיק פּאַראַזיטישן לעבן און זיי זייגן פון די אָרעמע פאָלקס־מאַסן די לעצטע זאַפטן.

אף איין מאָמענט אין „פישקע דעם קרומען" איז קעדאי זיך אָפּצושטעלן.

ס'איז אין דער רוסישער ליטעראַטור דעמאָלט געווען אַ צייט, ווען קינסטלער האָבן אין זייערע ווערק אָנגעהויבן ארויסצופירן מענטשן פון די סאַמע נידעריקסטע שיכטן פון פאָלק, אָפּטמאָל מענטשן פון דער אונטערוועלט.

אין „פישקע דעם קרומען" האָט מענדעלע אָן אַ שום סאָפעק אין פישקע און דער האָרבאטערס געשטאַלטן אונז געוואָלט ווייזן, אז די אַמערסטן אָפּגעשטאַנענע פאַרשוינען פון דער אונטערוועלט זיינען אויך מענטשן מיט געפילן, קענען אויך אופנעמען מענטשלעך דאָס אַרומיק לעבן. פישקעס רירנדיקע ליבע צום האָרבאַטן מיידל האָט געדאַרפט באשטעטיקן אָט־אָ דעם געדאַנק. אין יענער צייט איז די אידייע געווען אזוי ניי פאר דער אידישער ליטעראטור, אז שאָלעם־אליייכעם האָט וועגן „פישקע דעם קרומען" געפונען פאר נייטיק צו שרייבן: „אין דעמדאָזיקען קליינעם ביכעלע פון אַבראַמאָוויטשן „פישקע דער קרומער", וואָס איז אייגנטלעך ניט קיין ראָמאַן פון ליבע, נאָר גלאַט אזוי אַ מאיסעלע פון אָרעמע לייט, געפינט זיך אסאך מער ליבע און פּאָעזיע, ווי אין אַלע 1000 ראָמאַנען פון דער גאַנצער באַנדע ראָמאַנען־מאַכערס, וואָס באַקן ראָמאַנען, ווי בייגל, און שיטן זיי, ווי מיסט".

„פישקע דער קרומער" פאַרמאָגט אסאך זאַפטיקע באשרייבונגען, שיינע נאַטור־שילדערונגען, — עס איז קינסטלעריש אין פארגלייך מיטן „קליינעם מענטשעלע" אַ שריט פאָרויס.

אין דעמזעלבן יאָר (1869), ווען ס'איז דערשינען „פישקע דער קרומער", דרוקט מענדעלע אָפּ זיין ווערק „די טאַקסע".

שוין אינם „קליינעם מענטשעלע" רעכנט מענדעלע פאר איינע פון איצכאָק־אַווראָמס גרעסטע זיכד — „די טאַקסע".

„וועאַל כעט שכאָטאָנו בעטאַקסע. די טאַקסע אָדער דאָס קעסטעלע, אָט דאָס פאַראיפּעשטע, אומריינע אָרט, וואָס דאָרט פלאָדן זיך וואַנצן, טאַראַקאַנעס, ווערים און נאָך אזעלכע מינע שראָצים. זי גיט באַ אונז אַרויס יענע מינע מענטשעלעך, יענע מינע שלעק, וואָס עסן אָפּ דעם קאָפּ און טוען אָן גרויסע

צאָרעס. זי איז אַן אָנשיקעניש, אַ פּלאָג, וואָס מאַכט קאַליע דאָס בלוט, פאַר־דאַרבט אויך דעם גייסט, די נעשאָמע און פאַרגיפטעט אונז דאָס גאַנצע לעבן".

די טאַקסע אף פלייש, וואָס ניקאָלאַי דעם ערשטנס רעגירונג האָט איינ־געפירט באַ אידן, איז מיט דער צייט געוואָרן אַ קוואַל פון האַכנאָסע פאַר די רעדלפירער, וועלכע האָבן געהערשעוועט אין שטאָט איבער דעם אָרעמען טייל, איבער די באַלמעלאָכעס, איבער די אַלע שוואַכע און נויטבאַדערפטיקע, וועלכע האָבן קיין קאָפּ נישט געקאָנט אופהייבן.

די טאַקסע האָט נישט איינמאָל געדינט די מאַסקילים פאַר מאַטעריאַל צו קריטיקירן די אידישע ווירקלעכקייט.

מענדעלע האָט אָנגעהויבן אייגנצוזען אין דער טאַקסע דעם אויסערלעכן אויסדרוק פונם קלעם, אונטער וועלכן עס געפינט זיך דער אָרעמער טייל פון דער אידישער באַפעלקערונג, — מענדעלע האָט אין דער טאַקסע דערזעען דעם סימוואָל פון סאָציאַלער אונטערדריקונג אין דער אידישער סוויווע.

אַ בילד פון דערדאָזיקער אונטערדריקונג גיט אונז מענדעלע אין זיין דראַמע „די טאַקסע אָדער די באַנדע שטאָט־באַלטויוועס", דערשינען אין 1869־טן יאָר.

אין דער פאָרעדע צו דעם ווערק דערציילט אונז מענדעלע, אַז ער האָט באַקומען דורך דער פּאָטשט אַ פּעקל קסאָווים, וואו מ'באַשרייבט אים די גלופּסקער טאַקסע מיט אַלע איינצלהייטן און מ'בעט אים, ער זאָל עס אויס־פאַריכטן און אָפּדרוקן אין אַ בוך. מ'שרייבט אים: „דאָ שטייט באַשריבן די שטוקעס פון אונזערע גלופּסקער באַלטויוועס, וואָס האָבן זיך אליין אָנ־געוואָרפן אף דער אומגליקלעכער שטאָט נעבעך מיט זייערע טויוועס און פירן איטלעכן באַ דער נאָז. זיי האָבן שוין באַ אונז אַרויסגעצויגן דעם קליי פון די ביינער. מיר ליידן, מיר ווערן פאַרשוואַרצט, מיר עסן נישט קיין פלייש, מיר האָבן שוין אַ פּאָנים, ווי די רוכעס און קאָנען שוין מער ניט אויסהאַלטן פון די טויוועס. מ'האָט שוין אפילע געפּרואווט שרייען, שרייבן פּראָשעניעס, נאָר וואָס העלפן זיי אַ וועלט? זיי זיינען גאַבאָים, פּאָפּעטשיטעלעס, און די גאַנצע שטאָט איז באַ זיי אין די הענט".

און ווייטער: „איר זאָלט וויסן, אַז אין אונזער בריוו שרייט צו אייך אַ קאָל פון אַסאַך צעבראָכענע הערצער, פון אַסאַך אומגליקלעכע אידן — דאָס איז אַ קאָל פון אָרעמלייט, פון נויטבאַדערפטיקע, פון באַלמעלאָכעס און פון דערשלאָגענע מענטשן, וואָס מ'דושעט זיי, ווי די קעץ, און מ'לאָזט זיי ניט קיין קאָפּ אופהייבן".

אין „דער טאַקסע" פירט מענדעלע אַרויס די אַלע רעדלפירער, קליי־קוידעש, פּאָווערענעס און אַנדערע שטאָט־באַלטויוועס; ער ווייזט אונז אויך די מאַסע, וואָס איז נאָך שטום, און אַז זי הייבט שוין יאָ אָן צו רעדן, קען זי מער, ווי „אַז אָך און וויי איז צו אונז" ניט זאָגן. ס'איז דאָרט אויך געגעבן דער באַלמעלאָכע, אַ שוואַכער פּאַרשוין, אַ זאַאיקע, אויך אַ אינטעליגענט ווע־

קער, אַ מאַסקיל, ער איז דער איינציקער, ווער עס טרעט ארויס מיט אַ באַ־וואוסטזיניקן פּראָטעסט. איז אָבער קאָמיש מיט זיינע לאנגע דראָשעס, וואָס די מאַסע הייבט זיי ניט אָן צו פֿארשטיין.

אין דער „טאַקסע“ זעען מיר שוין מענדעלען אָפּגיין פון דער נאַאיווער מאַסקילישער טעאָריע, אַז אַלץ קען מען פֿאַריכטן, אויב מ׳וועט זיך אָנהייבן בילדן, אַז די רעטונג ליגט אין גרינדן טאַלמוד־טוירעס, אין אונטערהאַקן די קאַפּאָטע — ער דערזעט און ווייזט אונז אף אַ קלאָרן אויפֿן די עקאָנאָמישע קעגנזאַצן בא אידן, וועלכע גייען האַנט בא האַנט מיט דער אַלגעמיינער אָרעמ־קייט אין דער אידישער סוויווע. „די טאַקסע“ איז בא אים דער סימוואָל פון דער עקאָנאָמישער און סאָציאַלער אונטערדריקונג, אין וועלכער עס געפינען זיך די אידישע פאָלקס־מאַסן.

דאָס ווערק איז קינסטלעריש נישט פיל ריפער פונם „קליינעם מענטשעלע“, ס׳איז אין דעם דאָ אַסאַך פּובליציסטיק, כאָטש אייניקע פיגורן, באזונדערס די נעגאַטיווע, האָבן זיך מענדעלען איינגעגעבן זייער גוט.

די „טאַקסע“ האָט מענדעלע געווידמעט איינעם אן אָנגעזעענעם רוסישן רעגירונגס באַאַמטן. מענדעלע האָט עס געטון, וויסנדיק פּאָרויס, אַז די באַר־דיטשעווער רעדלפירער וועלן אים די זאַך ניט פֿארשווייגן. ער האָט זיך אין דער ווידמונג פארופן אַף אַ רעדע, וואָס דער באַאַמטער האָט מיט אַ געוויסער־צייט צוריק געהאַלטן, און אָנגעוויזן, אַז „די טאַקסע“ אַנטוויקלט די געדאַנקען פון יענעמס רעדע.

„די טאַקסע“ האָט געמאַכט אַ שטאַרקן רושעם. זי איז ארייגעפאַלן אין באַרדיטשעווער געמויזעכטס, ווי אַ באָמבע. אַסאך האָבן זיך דערקענט, זיך דערפילט אויסגעלאכט און באליידיקט און אַקעגן מענדעלען הייבט זיך אָן די שענדלעכסטע קאַמפּאַניע. מ׳הייבט אים אָן פאַרפאָלגן מיט מעסירעס, און ער מוז אַנטלויפן מיט זיין פאַמיליע פון באַרדיטשעוו קיין זשיטאָמיר (1869).

III

די 70־ער יאָרן פֿאַרברייגגט מענדעלע אין זשיטאָמיר, ער באַמיט זיך דאָרט צו קריגן א שטענדיקע שטעלע, ער האַלט צוליב דעם עקזאַמען, באַ דער ראַבי־נער־שול, אַף קאַזיאָנע ראַבינער. דעם עקזאַמען האָט ער אויסגעהאַלטן, אָבער אַף דער דראָשע, וועלכע ער האָט לויטן מינעג געדאַרפֿט האַלטן שאַבעס אין שול, איז ער געשטרויכלט געוואָרן: ער האָט זיין דראָשע פֿאַרוואַנדלט אין אַ באַשולדיקונג־רעדע אַקעגן די שטאָט־טאַקיפֿים. גאַנץ פֿאַרשטענדלעך, אַזאַ רעדע איז נישט געפֿעלן געוואָרן, און מענדעלע האָט די ראַבינער־שטעלע נישט באַקומען.

אין דעם יאָרצענדליק, וואָס מענדעלע פֿאַרברייגגט אין זשיטאָמיר, האָבן מיר פֿאַר זיך אַ נייעם עטאַפּ אין מענדעלעס לעבן און שאַפֿן. דאָס איז איינג צוזאַמענגעבונדן מיט די אַלגעמיינע געזעלשאַפֿטלעכע דערשיינונגען אין לאַנד.

אין די 70־ער יאָרן הייבט אָן די רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג אין לאַנד אָנ־נעמען קאָנקרעטע פֿאָרמען. אין 1873־טן יאָר הייבט זיך צווישן דער דעמאָקראַ־טישער אינטעליגענץ אָן אַ באַוועגונג, וועלכע האָט זיך אַנטוויקלט אונטערן לאָזונג: „גיין אין פֿאָלק“, — דאָס האָט געהייסן — גיין אין דאָרף צו די פּויע־רים, זיי לערנען, אַגיטירן, זיי אופֿשטעלן אַקעגן דער עקזיסטירנדיקער אָרדענונג. אין 6¯18־טן יאָר גרינדעט זיך די רעוואָלוציאָנערע אָרגאַניזאַציע „זעמליא אי וואָליאַ“. די לעצטע פֿאַר יאָר פֿונם 7־טן צענדליק זיינען פֿול מיט טעראָריסטישע אַקטן אַף היכע רעגירונג־באַאַמטע מיצאַד די אָנהייגער פֿון „זעמליאַ אי וואָליאַ“. אין 1878־טן יאָר שיסט ווערא זאַסוליטש דעם גענעראַל טרעפּאָוו. ס'גרינדעט זיך דער צאָפֿן־רוסישער אַרבעטער־פֿאַרבאַנד (1878) — די רעוואָלו־ציאָנערע באַוועגונג צעוואַקסט זיך איבערן גאַנצן לאַנד.

אין דער אידישער סוויווע באַווייזן זיך אין די 70־טע יאָרן די ערשטע אידישע סאָציאַליסטן — אַרן ליבערמאַן און זונדעלעוויטש, געוועזענע שילער פֿון זשיטאָמירער ראַבינער־שול, גרינדן אין ווילנע א סאָציאַליסטיש־פּראָפּאַגאַנדי־סטישן קרייז, ס'הייבט אָן צו פֿירן אַ סאָציאַליסטישע אַרבעט אויך מאָריס וויג־טשעווסקי.

נישט האָבנדיק די מעגלעכקייט צו שאַפֿן אין רוסלאַנד קיין סאָצ. אָרגאַן, הייבן זיי אָן אַרויסגעבן אין אויסלאַנד (ווין) אַ סאָצ. ציַיטונג אף העברייאיש („האמת“).

ווי מ'גיט איבער, זאָל מענדעלע האָבן געהאַט אַ געוויסע שאַיכעס צו דעם אידישן סאָציאַליזם פֿון יענער צײַט. אַזוי האָט מענדעלע איניינעם מיט די סימפּאַטיקער פֿון סאָציאַליזם יעהאלעל און קאַמינער צונויפֿגעשטעלט, אָפּגעדרוקט, און געהאָלפֿן פֿאַרשפּרייטן א סאָציאַליסטישע פּראָקלאַמאַציע.

מענדעלע געפֿינט זיך אין יענער צײַט אין זשיטאָמיר.

זשיטאָמיר האָט דאַמאָלס מיט זיך פֿאָרגעשטעלט איינעם פֿון די אָנגעזעענסטע צענטרען פֿון דער האַסקאָלע־באַוועגונג. די זשיטאָמירער ראַבינער־שול האָט אַסאַך דערצו מיטגעהאָלפֿן. די פֿירער פֿון דער שול זיינען געווען מאַסקיל'ים און אין שול האָט אינגאַנצן געהערשט דער מאַסקילישער געדאַנקענגאַנג. פֿון דאָרט זיינען נאָך פֿריער אַרויסגעגאַן אַסאַך פּראָגרעסיווע שרייבער ווי לינעצקי, גאָלדפֿאַדן, וואַרשאַווסקי. די שול האָט אַרום זיך קאָנצענטרירט אַ גרופּע לערער און שרייבער, וואָס זיינען געווען טעטיק אין דער העברייאישער און אידישער ליטעראַטור.

זשיטאָמיר האָט אויך פֿאַרמאָגט עטלעכע דרוקערייען, וואו אידישע שרייבער האָבן אין די 70־ער יאָרן געדרוקט זייערע ווערק.

די זשיטאָמירער סוויווע איז געווען גינסטיק פֿאַר מענדעלעס ווייטערדיקן שאַפֿן, דאָרט באַפֿריינדעט זיך מענדעלע מיט ל. בינשטאָקן, מיט וועלכן ער איז געווען באַקאַנט נאָך פֿון באַרדיטשעוו.

ל. בינשטאָק איז אַ טיפּישער מאַסקיל. אין זשיטאָמיר איז ער אַ קאַזיאָנע ראַבינער, אַ שטיק צײַט „געלערנטער איד" באַם וואָלינער גובערנאַטאָר, געהילף־רעדאַקטאָר פֿון דער אָפֿיציעלער צײַטונג „Вол. Губ. Ведомости" אויך מענדעלע איז אין זיין געזעלשאַפֿטלעכער טעטיקייט אין יענער צײַט געשטאַנען נאָענט צו די רעגירונגס־קרייזן. מענדעלע האָט גענומען אַן אנטייל אין א קאָמיסיע, וועלכע דער קיעווער גענעראַל־גובערנאַטאָר האָט אין סאָף פֿון די 60 יאָרן געגרינדעט מיטן צוועק אויסצופֿאָרשן די לאַגע פֿון די אידן. מ'האָט מענדעלעס פֿאָרשלאַגן אין דער קאָמיסיע צוגעגעבן א גרויסע באַדייטונג.

אין דערזעלבער צײַט זעצט מענדעלע איבער צוזאַמען מיט בינשטאָקן דעם „אוסטאַוו וואָינסקי'ד פּאָווינאָסטיי" אַף אידיש, ער הייבט אָן יערלעך אַרויסלאָזן זיין „נוצלעכן קאַלענדאַר פֿאַר די רוסישע אידן" (1874), אַ קאַלענדאַר פֿאַר אידישע סאָכרים. דער צוועק פֿון די אויסגאַבן איז — זיין נוצלעך, פּאָפּולאַריזירן, דערקלערן, דערנענטערן די אידישע פֿאָלק־מאַסן צום אַרומיקן לעבן. ס'איז אָבער אין דערזעלבער צײַט פֿאַרבונדן מיט מענדעלעס נישט זיכערער מאַטעריעלער לאַגע, וואָס צווינגט אים זוכן אלערליי צײַטווייליקע אָדער צופֿעליקע פֿאַרדינסטן.

איינע פֿון מענדעלעס שטרעבונגען אין יענעם פּעריאָד איז, — אַרויסגעבן אַ צײַטונג, באַקומען א טריבונע, וואו ער זאָל גיכער קענען קומען צו דער מאַסע. ער פֿאָרט צוליב דעם קיין פּעטערבורג, אַ צײַט גייט אַ רעדע וועגן אַריבערפֿירן די העברייאישע צײַטונג „האַצפֿירע" קיין זשיטאָמיר, וועגן גרינדן דאָרט אַ אידישע צײַטונג — אָבער פֿון די אלע פּלענער קומט גאָרנישט אַרויס.

ס'איז דערביי ווערט צו באמערקן, אז מענדעלען איז דאן נישט געווען קיין אונטערשיד ווי וועט זיין די שפראך פון צייטונג — העברייאיש צי אידיש. אויך שפעטער, ווען ס'ווערט געפלאנט זיין ארויספאר קיין פעטערבורג אלס רעדאקטאר פון א העברייאישער און אידישער צייטונג, שטעלט מענדעלע קיין שום שאלעס נישט וועגן דער שפראך.

קינסטלעריש איז מענדעלע אין די 70־ער יארן שטארק אויסגעוואקסן, דאס באווייזן די 2 גרונט־ווערק זיינע פאר דער צייט — די „קליאטשע" און באזונדערס „מאסאעס ביניאמין השלישי".

מענדעלע פלעג קימאט אלע זיינע ווערק באלייטן מיט פארעדעס, — דער מיין איז געווען מאסביר צו זיין, געבן אנצוהערעניש וועגן דעם, וואס איז באהאלטן אונטער דעם „נישט דאס בין איך אויסן", דער מאשל און דער נימשל.

אויך די „קליאטשע" (דערשינען אין 1873־טן יאר) האט אזא הקדאמע, וואו דער אוטאר גיט אנצוהערעניש וועגן דעם צוועק פונם ווערק. „איך האב געפרעגט א שאלע בא די גלופסקער דאיאנים און בא אלע דארטיקע פיינע בריעס פון דער גוטער קנופיע: אזוי ווי איך האב דעם אוילעם צוגעזאגט ארויסגעבן א צווייטן טייל פון דער „טאקסע" און האב דערביי נישט געזאגט בעלי ניידער, בעכיין איז דאך מיין ווארט שוין גלייך טאקע, ווי א ניידער, היינט ווי איז דער דין, ראבויסים, האב איך זיי געפרעגט, אז איך גיב אצינד ארויס מיין „קליאטשע", אויב איך קען מיט איר יויצע זיין מיין ניידער?

זיי האבן געקלערט, געקלערט, זיך געקראצט, געקראצט און האבן צום סאף אזוי געזאגט: יא, רעב מענדעלע, אזוי ווי מיר האבן דא דערשמעקט א רייעך, א טאמציס פון דער „טאקסע", זיינען מיר אייך דעריבער מאטער־ניידער".

די „קליאסשע" איז, לויט מענדעלעס ווערטער, געווען דער צווייטער טייל פון דער „טאקסע". דאס האט געהייסן, אז אויב אין דער „טאקסע" האט מענדעלע אפן שארפסטן אויפן באריט די אינערלעכע סאציאלע פארהעלטענישן אין דער אידישער סוויווע, האט ער אין דער „קליאטשע" באהאנדלט אויך די צווייטע זייט פון דער פראגע: די אויסערלעכע סיבעס, וועלכע האבן דערפירט די אידישע פאלקס־מאסן צו אזא אומדערטרעגלעכע לאגע.

דידאזיקע סיבעס זעט מענדעלע אין דער נאציאנאלער אונטערדריקונג, אין דער באציאונג פון די ארומיקע פעלקער צו דער אידישער מאסע.

מענדעלע האט אין דער „קליאטשע" אוועקגעשטעלט אפן ערשטן ארט די נאציאנאלע פראגע. ער שילדערט אין אן אלעגארישער פארם די לעבנס־געשיכטע פון דער קליאטשע — דעם אידישן פאלק — ער מאלט א לאנגע קייט פון נאציאנאלע רעדיפעס אין פארשידענע לענדער און צייטן און שטעלט ארויס א קלארע פאדערונג — בירגערלעכע רעכט פאר אידן אן שום באדינגונגען. מענדעלע לייגט אריין דער קליאטשע אין מויל אזוינע ווערטער: „מ'זאגט, טאינעט די קליאטשע, איך זאל מיך לערנען. פרעג איך דיר ערשטנס, כאכעם

מיינער, פֿאַרוואָס הייסט מען עס דאפּקע מיר? די קליאַטשע וויל נישט מער זיין קיין אטאָ-בעכאַרטאָנו, קיין אויסנאָם אין דער וועלט, — זי פֿאָדערט גלייכהייט, זי פֿאָדערט דאָס רעכט אף כעסרוינעס, נישט נאָר אף מאילעס, זי וויל רעכט, נישט קיין ראכמאָנעס.

...איך בין דיר מויכל, זאָגט זי, דעם ראכמאָנעס, איך בין, ווי אלע אנדערע, א לעבעדיק באַשעפעניש און האָב ווי זיי אַ פּראַווע, דאָס רעכט צו לעבן".

זעענדיק אין די באַציאונג פֿון די אַרומיקע פֿעלקער צו אידן די סיבע פֿון דער אומנאָרמאַלקייט, וואָס הערשט אין דער אידישער סוויווע, האָט מענדעלע געגעבן אין דער „קליאַטשע" א ריי בילדער פֿון דער באָדנלאָזיקייט און עקאָנאָמישער צעפֿאַלונג, וואָס הערשט אין דער אידישער סוויווע.

„עס שטעלט מיר זיך פֿאָר א טאג אין דער שטאָט, וויאַזוי און מיט וואָס מענטשן ברייענגען אים צו, מיט וואָס זיי שטייען אוף און מיט וואָס זיי לייגן זיך שלאָפֿן. עס שטעלט זיך מיר פֿאָר א פֿרימאָרגן: אידן שטייען אוף און קרעכצן, ווייסן ניט וואָס מע טוט, וואָס הייבט מען אָן, פֿונוואנען מ'זאָל זיך דערנערן?

... אָט איז דער מאַרק מיט אַלערליי נעפֿאַשעס זיינע פֿון קליין ביז גרויס, דער מאַרק מיט זיינע סאָכרים און מיסכאָרים, מיט זיינע אָפּנאַרער און אָפּגענאַרטע, מיט די ווילדע טאַיוועס, דעם נאַרישן קאָוועד, קינע און סינע, וואָס הערשן דאָרט. אָט טוט זיך א ווייז דאָס גאַנצע פּעקל קאַבצאָנים, מינע עוויוינים, דאלפֿאָנים, געפֿאַלענע, אָפּגעקומענע, נויטבאַדערפֿטיקע. אַלע לויפֿן, ווי די מעשוגאָים, נישטערן, זוכן פּאַרנאָסע, ווי ס'איז צו לעבן, צו דערהאַלטן די נעשאָמע פֿון זייערע ווייבער און קינדער".

אָט־אָ דאָס איז דאָס לעבן פֿון די אידישע פֿאָלקס־מאסן—אָט אַזוי לעבט די בידנע קליאַטשע—וואָס מיט איר וויל איסראָליק, דער העלד אינם ווערק, לערנען דערעכערעץ, זי מאַכן פֿאר א מענטש.

דאָ גייט מענדעלע שוין אינגאַנצן אָפּ פֿון דער מאַסקילישער טעאָריע, באַ וועלכער ער האָט זיך געהאַלטן אינם „קליינעם מענטשעלע", אז די סיבע פֿון דער אידישער אָרעמקייט איז אין דעם, וואָס אידן זיינען ניט געבילדעט.

מענדעלע זוכט אן אַנדער סיבע צו דערקלערן די אומנאָרמאַלע לאַגע פֿון די אידישע פֿאָלקס־מאַסן. די סיבע פֿון דעם, וואָס בא אידן האָבן זיך אָנגעפּלאָדערט אַזוי פֿיל באַטלאָנים, קליי־קוידעש און גלאַט ליידיקגייערס, ליגט ניט אין דעם, וואָס זיי ווילט זיך אַזוי, די סיבע ליגט אין דער אידישער רעכטלאָזיקייט, אין דעם, וואָס מ'האָט די גאַנצע אידישע באפֿעלקערונג צונויפֿגעשטיקט אין איין אָרט, אינם טכום, וואו די מאַטעריעלע נויט מאכט אומנאָרמאַל דעם גאַנצן שטייגער פֿון אידישן לעבן. מענדעלע שרייבט:

„אַלע שרייען: שוין צייט דאָס אַלץ אַוועקצואוואַרפֿן און ווערן קליגער, געבילדעט, געניטער. נאָר צי קומט אָבער פֿון זייער שרייען עפּעס אַרויס?

אַלצדינג בלייבט טאַקע, ווי פריער. פאַרוואָס ? מאַכמעס אין דער וועלט הערשט איין געזעץ פאַר אַלע באַשעפעניש, פאַר אַלע מענטשן גלייך, אַזא געזעץ, וואָס קיינער איז ניט אימשטאַנד עס איבערצומאַכן, וואָס אַקעגן אים העלפט ניט קיין שרייען, קיין רעדן, קיינע דראָשעס און קיינשום מיטל. אזאַ געזעץ, וואָס איז שטאַרקער פון אַלע שטאַרקע... איך מיין דעמדאָזיקן באקאנטן געזעץ, וואָס אַלע ווילן עסן, וואָס איטלעכער וויל צו דערהאַלטן זיין לעבן, מעג זיך זיין אַף וועלכן אויפן, מיט וועלכן מיטל עס וויל זיך".

מענדעלע ווייזט דאָ אָן אַף דעם סאָציאַלן געזעץ, וואָס הערשט אין לעבן, אז די עקאָנאָמיק באשטימט אַלץ און מ'דאַרף באַם לייזן געזעלשאַפטלעכע פראַגן אָנהייבן פון איר.

באַטראַכטנדיק דעם גאַנצן דורכשניט פון אידישן לעבן, פארגעסט מענדעלע אויך ניט צו באלויכטן די „אינערלעכע" אונטערדריקונג, וואָס די אָרעמע אידישע מאַסע האָט אויסצושטיין מיצאַד די קאָהאָלשע רעדלפירער—באַלטויוועס און טאַקיפים.

„עס שטעלן זיך מיר פאָר רעדלעך פאַרשוינען, שיינע מענטשעלעך, וואָס האַלטן זיך, ווי הינט, ווי וואָראָנעס נעבן טויטע און נעווילעס, וואָס לעבן פון יענעמס פלייש, פון יענעמס בלוט; מענטשעלעך, וואָס זיינען אין דער גע־מיינדע א מאַקע, וואָס מאַכן קאַליע דאָס בלוט און מאגן. יענע מינע מענטשע־לעך, וואָס דרייען זיך טאָמיד אַרום קאהאל, ווילן דער שטאָט ראק איינברייג־גען, ראק טאָן טויוועס, וואָס לייגן זיך אינגאַנצן אַוועק פאר דער שטאָט און לעבן בעקאָוועד, עסן דאָס בעסטע און טרינקען א גוט גלעזל וויין. מענטשע־לעך, וואָס דרייען זיך אין די קאהאל־שטיבלעך, נעבן די גווירים, אַף די אַסיפעס, אין די יאַטקעס און אין די וויינשיינקען. מענטשעלעך, וואָס נעמען אַראָפּ דאָס היטל פאר איטלעכן טשינאָווניקל, פאר איטלעכן פּאָרעצל, וואָס קריכן טאָמיד זיך פּאָרצושטעלן פאר א נייעם גובערנאַטאָר, פאר א נייעם פּאָליצמייסטער, ראַ־פּאָרטאווען טאָמיד מיקויעך דער שטאָט. מענטשעלעך, וואָס זעען אויס ווי די שרעקלעכע וועלף צווישן די אָרעמע, בידנע שאָף אַף דעם מאַרק".

די קליאַטשע האָט אין איר צייט געמאַכט א גרויסן רוישעם—ס'איז געווען א קלאָר פאָרמולירטע פאָדערונג וועגן נאַציאָנאַלע גלייכבאַרעכטיקונג צום אונ־טערשייד פון די מאַסקילישע האַלבע רייד, וועגן „גנאָד", וואָס וועט קומען פון הויכע ספערן, אויב אידן וועלן זיך בילדן און אונטערהאַקן די קאַפּאָטע.

דאָ האָט מענדעלע צום ערשטן מאָל אוועקגעשטעלט די אידן־פראַגע אין גייסט פון די ליבעראַלע אידייען פון זיין צייט.

אין דער „קליאַטשע" האָט בא מענדעלען, פונקט ווי אין דער „טאַקסע", גויוועט געווען די פובליציסטיק, די שאַרפע סאַטירע, דער קאַמף פאַר קאָנקרעטע טאָגטעגלעכע פראָבלעמען.

דאָס ווערק איז קינסטלעריש גאַנץ שוואַך. נאָר ערטערווייס טרעפן זיך שטאַרקע קינסטלערישע עפּיזאָדן.

בא מענדעלען גייט די גאַנצע צייט קימאַט ביזן לעצטן טאָג פון זיין לעבן אָט־אָ דער גערעַנגל צווישן דער פובליציסטיק, דער שאַרפער גייסטיקער סאַטירע, מיט דעם קינסטלערישן צוגאַנג צו געשטאַלטן און דערשיינונגען.

אינם צווייטן ווערק פון די 70־טע יאָרן, אין „מאַסאָעס בינימין השלישי״ (1878), האָט די איבערהאַנט גענומען דאָס קינסטלערישע. „מאַסאָעס״ איז גאַנץ ווייט פון פובליציסטיק, ס'איז א הויך קינסטלעריש ווערק, וואו מענדעלע האָט זיך צום ערשטן מאָל פאַרמאָסטן אונז צו געבן א בילד פונם אידישן שטעטל אין די 70—50־ער יאָרן פון פאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט, מיט דער גייסטיקער פוסטקייט, מיטן פאַרשימלטן נודנע לעבן.

אין „מאַסאָעס״ מאָלט אונז מענדעלע דאָס אידישע טונעיאַדעווקע, א שטעטל, וואָס ליגט ערגעץ ווייט פונם טראַקט; פאַר די טונעיאַדעווקער ענדיקט זיך די וועלט אונטערן שטאָט; דער גרעסטער באלדאברען איז כאַיקל זאַאיקע, דער גרעסטער דאָקטער איז דער רויפע פון שטאָט. דאָרט לעבט מען נאָך מיטן טייטל פון כומעש, און די רויטע אידעלעך זיינען מער נאָענט און באַקאַנט, ווי דער פויער, וואָס וואוינט אין שכיינישן דאָרף.

אין דעם טונעיאַדעווקע לעבט אָפּ בינימין — דער הויפּט־העלד פון „מאַסאָעס״ — דאָס גאַנצע לעבן, זיצט אין בעסמעדרעש און לערנט, און דאָס ווייב שפּייזט אים. זיין גייסטיקער באַגאַזש איז א שווערער: ער האָט זיך אָנגעלייענט מיט קאָלערליי ספאָרים. פון די ספאָרים האָט ער זיך דערוואוסט, אז ערגעץ איז דאָ אַן אַנדער וועלט, וואו ס'וואוינען די רויטע אידעלעך, זיי זיינען שטאַרק, זיי האָבן פאַר קיינעם קיין מוירע ניט, און ווען זיי וואָלטן נאָר וויסן, ווי אידן לעבט זיך דאָ צווישן די אומעס האָאוילעם, וואָלטן זיי געקומען צו הילף און אידן וואָלטן אויסגעלייזט געוואָרן פונם גאָלעס.

בינימין טראַגט זיך אַרום מיט אַ געדאַנק: זיך דערקלייבן צו די אַסערעס־האַשוואָטים, זיי דערציילן וועגן קלאַל־איסראָעל. ער לערנט זיך אויס טאַרגעם־לאָשן, ער ווייסט די מינהאָגים פון די רויטע אידעלעך אויסגעבונדן, ער קען זיך אָבער ניט צונויפרעדן מיטן ערשטן פויער, וואָס ער באַגעגנט אפן וועג, ער קען נישט די מינהאָגים פונם לאַנד און פאַלט אריין אין די הענט פון די „כאַפּערס״, און די גאַנצע געשיכטע ענדיקט זיך מיט דעם, וואָס זיי גייען קאַם לעבעדיק אַריין צוריק קיין טונעיאַדעווקע.

בינימינס כאַווער און טרייער באַלייטער סענדערל איז אינגאַנצן אונטער בינימינס ווירקונג. בינימין קאָן דאָך אין די קליינע אויסעלעך, און ער, סענדערל די אידענע, איז אַ פּראָסטער מענטש, איז דערפאַר: „ווילסט אַזוי — זאָל זיין אַזוי, אַ דאַיגע איך האָב״. אַזוי איז אין טונעיאַדעווקע: די בינימינס, וואָס מיינען, אַז זיי זענען די קליגסטע, די אויסדערוויילטע אין דער וועלט, פירן אַזוינע, ווי סענדערל, בא וועלכע ס'איז נישטאָ קיין ווילן, קיין אייגענע מיינונג.

אָט אַזוי האָט מענדעלע אויסגעלאַכט דאָס גייסטיקע קאַבצאָנעס פון טונע־יאַדעווקע; די אידישע גייסטיקע טאָרבע איז נאָך ערגער פון דער טאָרבע, מיט וועלכער ס'טראָגט זיך אַרום פישקע דער קרומער.

נישט געקוקט אַף דעם, וואָס „מאַסאָעס" האָט אין זיך נישט די שאַרפע סאַטירע פון דער „טאַקסע", האָט אונז דאָך מענדעלע צום ערשטן געוויזן זיין טיפע פאַראַכטונג צום קאַבצאַנסקער אוילעם, וואָס טראָגט זיך אַרום מיטן געדאַנק, אַז דער אייבערשטער האָט אים אויסדערוויילט פון אַלע פעלקער, און אליין לעבט ער שטענדיק אַ האַלב לעבן, אָפגעריסן פון דערווירקלעכקייט, וואָס ארום אים.

מ'דאַרף זאָגן, אַז די אידישע קריטיק האָט אין יענער צייט „מאַסאָעס" אופגענומען נישט מיט אַזאַ היספּאַילעס, ווי די „קליאַטשע", כאָטש „מאַסאָעס" איז קינסטלעריש אָן אַן ערעך העכער פון דער „קליאַטשע". דער ערשטער, וואָס האָט ריכטיק אָפּגעשאַצט „מאַסאָעס ביניאָמין האַשלישי", איז געווען דער פּוילישער שרייבער קלעמענס יונאָשא, ער האָט זיך ספּעציעל אויסגעלערנט אידיש און האָט איבערגעזעצט „מאַסאָעס" אין פּויליש (1885־טן יאָר) אונטערן נאָמען „דער אידישער דאָן־קיכאָט".

אין „מאַסאָעס" האָט מענדעלע פאַרביטן די שארפע סאַטירע אַף הומאָר — דאָס איז ביכלאַל כאַראַקטעריסטיש פאַר מענדעלען פון סאָף 70־ער יאָרן.

מיט די צוויי ווערק („די קליאַטשע" און „מאַסאָעס") פאַרנעמט מענדעלע אין די 70־ער יאָרן דעם אויבנאָן אין דער אידישער ליטעראַטור.

שילדרנדיק מייסטערהאַפט אין זיינע ווערק דאָס לעבן פון די אידישע פאָלקס־מאַסן, ווי קיינער ביז אים, דערהייבט מענדעלע אויך די אידישע שפראַך צו אַזאַ שטופע, אַף וועלכער זי איז ביז אים ניט געשטאַנען.

מענדעלע נוצט אין זיין שאַפן אויס דעם רייכן פאָלקס־אויצער—די פאָלקס־שפראַך,— ער שלייפט זי, ער גיט איר צו רייפערע פאָרמען און דערהייבט זי דער ערשטער צו אַ ליטעראַרישער שפראַך.

ביז מענדעלען האָבן אידישע שרייבער נישט געהאַט גענוג אַכטונג צו דער שפראַך און, רעכענענדיק זי פאַר אַ צייטווייליקן מיטל,—נישט שטענדיק געזאָרגט פאַר איר ריינקייט. אייניקע האָבן אַפילע געהאַלטן פאַר אַ צירונג פון דער שפראַך דעם דייטשמעריש, ווי לעמאָשל, אייזיק מייער דיק.

איצט, סאָף זיבעציקער יאָרן, נאָכדעם, ווי מענדעלע האָט אָנגעשריבן זיין ערשטע קלאַסישע ווערק, איז אַזאַ באַציאונג צו דער שפראַך געוואָרן אומעג־לעך. מענדעלע ווייזט, אַז אַף אידיש קען מען באשרייבן אַלע געביטן און ווינקעלעך פונם מענטשלעכן לעבן, אַף דער שפראַך קאָן מען אויסדריקן נישט נאָר האַס, בייזקייט און כויזעק, נאָר אויך די איידלסטע מענטשלעכע געפילן.

אין די 70 יאָרן, ווען מענדעלע איז קינסטלעריש אַזוי טעטיק, הערט ער נישט אוף צו ליידן מאַטעריעלע נויט. קיין שטענדיקע באַשעפטיקונג האָט ער אין זשיטאָמיר נישט. ער האָט אַ גרויסע פאַמיליע און לעבט אין דאַכקעס, ער

פאַרשפרייט זיינע ווערק, אָבער ער האָט זייער ווייניק האַכנאָסע דערפון,—די פאַרלעגער נאַרן אים אָפּט אָפּ.

וועגן דער צייט (1879—1880) האָט מענדעלע שפּעטער דערציילט: „די הויצאָעס זענען געווען גרויס. אַ מישפּאָכע זאלבע־זיבן. די האַכנאָסעס פון מ״ינע ווערק האָבן אַפילע נישט געקלעקט אַף דירע־געלט. די ווילנער און וואַרשעווער פאַרלעגער האָבן מיך באַגאַזלט: שטילערהייט איבערגעדרוקט די „טאַקסע”, „די קליאַטשע” און „דאָס קליינע מענטשעלע”, ביגנייווע איבערפאַרקויפט איינער דעם צווייטן די סטערעאָטיפּן פון מיינע ביכער. איך בין דערגאַנגען דערצו, אַז איך בין נישט געווען זיכער מיטן מאָרגנדיקן טאָג. אין אָט דער שווערער צייט האָט מיך אונטערגעהאַלטן באַראָן האָראַץ גינצבורג, וואָס האָט מיך געקענט נאָך פון מיין יוגנט פון קאַמענעץ. ער האָט פון די פּעטערבורגער פריינט זיך דערוואוסט וועגן מיין שווערער לאַגע און אָנגעהויבן צו שיקן מיר יעדן כוידעש אַ באַשטימטע סומע”.

מענדעלע האָט אין זיינע ווערק זייער ליב געהאַט צו מאָלן אידישע מעכאַברים. „אַ מעכאַבער אין יענער צייט באַ אידן,—דערציילט מענדעלע שוין אסאך שפּעטער,—איז געוויינטלעך געווען אַן אָרעמאַן, וואָס פלעג שוואַרצן דעם פּאָנים, אַרומגייענדיק פאַרטיילן זיין סייפער”.

אַ בוילעטע אילוסטראַציע צו די ווערטער האָט מענדעלע געגעבן אין „פישקע דעם קרומען”. ווען פישקע גייט אין אָדעס ארום איבער די הייזער, שטויסט ער זיך צונויף מיט אַ מעכאַבער, וואָס גייט אויך פון הויז צו הויז מיט אַ כיבער (אַ ווערק) אונטער דער האַנט. ער דינט פישקען, וועלכער קען נישט די שטאָט, פאַר אַ גוטן וועגווייזער.

מענדעלע האָט די שווערע לאַגע פונם אידישן שרייבער זיין גאַנץ לעבן נישט געקענט פאַרגעסן.

## IV

אין 1881־טן יאָר פאָרט מענדעלע אַריבער קיין אָדעס, וואו ער ווערט פאַרוואַלטער פון דער דאָרטיקער טאַלמוד־טוירע. אַף דער שטעלע פאַרבלייבט ער שוין ביז די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

באַלד ווי מענדעלע קומט קיין אָדעס, דערפילט ער, אז דאָ איז נישט דאָס פאַסיקע אָרט פאַר זיין שאַפן. אָדעס, דער וואַקסנדיקער האַנדלס־צענטר, די רווישנדיקע האפן־שטאָט, וואו „אידן זענען שוין באַלד קיין אידן נישט", האָט מענדעלען נישט באַפרידיקט. נישט אומזיסט בייִנקט ער אַזוי קיין באַרדיטשעוו, קיין זשיטאָמיר, וואו ס'וואוינען זיינע פאַרשוינען, זיינע אַלטע באַקאַנטע.

אין אַ בריוו פון 1886־טן יאָר צו בינשטאָקן קלאָגט זיך מענדעלע: „אַרום מיר איז אזאַ פּראָזע, וואָס ווירקט, ווי דער טויט. דו בלאָנזעסט אַפן לעבנס־וועג און פאַר דיר ציט זיך אָן א ברעג און סאָף א וויסטעניש פון פּראָזע".

די „לעבנס־פּראָזע", אַף וועלכע מענדעלע האָט זיך אַזוי געקלאָגט אין זיינע בריוו צו בינשטאָקן, איז אויך באַשטאַנען אין דעם, וואָס מענדעלע האָט צוליב זיין שטעלע אַלס פאַרוואַלטער פון טאַלמוד־טוירע געמוזט אַרבעטן אַ גאַנצן טאָג, געמוזט אַליין געבן שטונדן, אַרבעטן מיט די לערער, האָבן אינ־זינען די אַדמיניסטראַטיווע אַרבעט פון אנשטאַלט. ער האָט נישט געהאַט קיין גענוג פרייע צייט צו בלייבן מיט זיך, ווי ער האָט עס ליב געהאַט, און אָן דעם האָט זיין אַרבעט שטאַרק געליטן.

אין אַ בריוו פון 30 סענט. 1885 יאָר שרייבט ער בינשטאָקן: „די לעצטע צייט אַרבעט איך, ווי אַן אָקס, סיי באַטאָג, סיי באַנאַכט, און איך האָב פאַר זיך קיין איין פרייע מינוט נישט. די שטענדיקע אייסאָקים מיט פאַרשיידענע אָנגעלעגנהייטן פון מיין שטעלע מאַכן פון מיר מאַמעש אַ טעל".

ס'האָט בעעמעס באַדאַרפט זיין אַ גרויסע מאַטערניש פאַר מענדעלען, וועלכער האָט אָפט ליב געהאַט זיך פאַרקלייבן ערגעץ אין אַן אָפּגעזונדערט אָרט, זיך פאַרמאַכן אין קאַבינעט באַ אַן אַרבעט אַף עטלעכע שאָ איינער אַליין ביז די פרוי אָדער די קינדער וועלן אים ניט אַרויסרייסן פון דאָרט מיט גוואַלד, — אַ גרויסע לאַסט האָט אַף אים געדאַרפט זיין דער אייביקער טומל, די שטענדיקע פאַרנומענקייט, מיט וועלכער ס'איז געווען צונויפגעבונדן זיין שטעלע פון אַ פאַרוואַלטער אין דער טאַלמוד־טוירע.

די ערשטע יאָרן נאָך זיין קומען קיין אָדעס איז מענדעלע קימאַט גאָרנישט טעטיק אין דער ליטעראַטור. אָנהייב 80 יאָרן טרעט אַריין אין מענדעלעס שאַפן אַ איבערייס, וועלכער דויערט עטלעכע יאָר נאָכאַנאַנד.

די סיבעס פון דעם גרויסן איבערייס אין מענדעלעס שאַפן זיינען נאָך ביז היינט נישט אינגאַנצן פעסטגעשטעלט. פריער כאַר אַלץ זיינען דאָס געווען פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן. מענדעלעס זון, מיכאַאיל אַבראַמאָוויטש, א פייאיקער ליטעראַט, זאָל האָבן זיין פאַרמישט אין פּאָליטישע איניאָנים און פאַרשיקט געוואָרן קיין סיביר. לויט אַ צווייטער ווערסיע זאָל ער זיך האָבן געשמאַדט. צו דער צייט איז אויך געשטאָרבן מענדעלעס אַ טאָכטער, ראַשעל, זייער א באַגאַבטע אַרטיסטן. דאָס אַלץ האָט שרעקלעך שווער געווירקט אַף מענדעלעס געמיט. אין אַ בריוו צו די בינשטאָקס (שוין פון אָדעס) קלאָגט זיך מענדעלע אַף די שווערע צייטן. „מיר האָרעווען, שרייבט ער, מיר אַרבעטן און בייטן אויס אונזער מי, אונזער שווייס אַף פּאַפּירלעך. מיר האָבן קינדער, פריינט, וואָס אין זיי היינגט אונזער לעבן, און מיר בייטן זיי לעסאָף אויך אויס אַף פּאַפּירלעך, זיי אַליין ווערן דערווייטערט, צעזייט, צעשפּרייט.

.... מיין ווייב איז, נעבעך, שטאַרק באַטריבט. לעפּאָנים האַלט זי זיך שטאַרק, ווי אַ העלד. נאָר אין האַרץ טראָגט זי אַ וואונד, אַ יאַם מיט יעסורים. מיר צווישן זיך רעדן וויייניק וועגן דעם שלאַק, וואָס האָט אונז געטראָפן, מיר האָבן מוירע איינער דעם אַנדערן נישט מעצאַער זיין, מיר מאַכן זיך קלוימערשט אַ האַרץ און נאַרן איינע דעם אַנדערן.

איך פיל באַ מיר אין האַרץ א ריס, וואָס וועט אייביק זיך ניט פאַרהיילן".

אַן אָפּקלאַנג פון די שווערע איבערלעבונגען געפינען מיר אויך אין די ווערטער, וועלכע מענדעלע ווידמעט זיין פרוי אין דער איבערגעאַרבעטער „קליאַטשע" וואָס איז דערשינען אין 1888־טן יאָר.

„די מאַטאָנע, וועלכע איך ברייננ דיר, ווייב מיינס, שרייבט מענדעלע, איז עפּעס נישט אַזאַ אנגענעמע, ווי דו פאַרדינסט פאַר אַזויפיל מי, וואָס דו ביסט געווען אויסגעשטאַנען מיט מיר אף דעם שווערן וועג פון לעבן פון די יונגע יאָרן ביז די עלטערע יאָרן אונזערע"...

נאָר אַחוץ פאַמיליען־אָנגעלעגנהייטן, האָט דאָס שווייגן מענדעלעס געהאַט אונטער זיך אויך אַנדערע סיבעס, וואָס זיינען געווען צונויפגעבונדן מיט די אומשטענדן פון דעמאָלטיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן.

די אכציקער יאָרן שטעלן מיט זיך פאָר אַ איבערבראָך־פּעריאָד אינם געזעלשאַפטלעכן לעבן פון רוסלאַנד.

דער קאַפּיטאַליזם דרינגט אַלץ מער אריין אין די ווירטשאַפטלעכע פאַרהעלטענישן פונם לאַנד. די אידייע פון די „נאַראָדניקעס" הייבט אָן באַנקראָטירן, אינײנעם מיטן וואוקס פונם אַרבעטער־קלאַס אין רוסלאַנד הייבן אָן אַריינצודרינגען אין לאַנד די אידייען פון מאַרקסיזם. אין 1883־טן יאָר

גרינדעט פלעכאַנאָוו אין אויסלאַנד „די גרופּע פון אַרבעט־באַפרייאונג", די ערשטע רוסישע מאַרקסיסטישע גרופּע. אין 1883־טן שאַפט בלאַגאָיעוו אין פּעטערבורג אַ מאַרקסיסטישן קרייז פון אַרבעטער און אינטעליגענץ. די באַוועגונג דערלאַנגט אויך אין דער פּראָווינץ. אַזוי האָבן מיר אין 1887־טן יאָר אַ שטרייק פון אידישע ארבעטער אין מינסק.

דידאָזיקע באַוועגונג אַנטוויקלט זיך אָפּן פּאָן פון אַ פאַרשטאַרקטער רע־אַקציע אין לאַנד. דער אַטענטאַט אָף אַלעקסאַנדר דעם צווייטן און זיין טויט (1881) האָבן געפירט דערצו, אַז די צאַרישע רעגירונג האָט איינגעשטעלט אין לאַנד אַ רעזשים פון דער ווילדסטער רעאַקציע.

די רעאַקציע פון די 80־ער יאָרן רופט זיך אויך שטאַרק אָפּ אף דער לאַ־גע פון די אידישע מאַסן. אָנהייבנדיק פונם 1881־טן יאָר, צעגיסט זיך איבערן גאַנצן לאַנד א כוואַליע פון אידישע פּאָגראָמען. זיי וואַרפן זיך איבער פון שטאָט צו שטאָט און דויערן אַזוי ביזן 1884־טן יאָר.

נאָכגעבנדיק דער פּאָגראָם־קאַמפּאַניע, וואָס גייט איבערן לאַנד, הייבט די רעגירונג אָן אויך סיסטעמאַטיש איינצופירן באַגרענעצונגען פאַר אידן. דאָס ביסל רעכט, וואָס אידן האָבן באַקומען אין די „פרייע" יאָרן פון אַלעקסאַנדר דעם צווייטן, ווערן ביסלעכוויס צוגענומען.

די פּאָגראָם־כוואַליע און די רעכטלעכע באַגרענעצונגען זיינען ווי א דונער אַראָפּגעפאַלן אף די קעפּ פון דער אידישער מאַסקילישער אינטעליגענץ. זי האָט דאָך די גאַנצע צייט געהאַלטן אין איין האָפן אַף יעשועס פון דער צאַ־רישער רעגירונג, וועלכע וועט סאָפּקאָלסאָף פאַרשטיין, אז אידן זיינען אויך בירגער און ס'קומט זיי גלייכע רעכט מיט אַלעמען.

צווישן די מאַסקילים הייבט זיך אוף אַ מעהומע. אַסאַך אָנגעזעענע מאַס־קילים זאָגן זיך אָפּ פון זייערע אידעאַלן, שלאָגן זיך אַל־כעט, ווערן פאַרברענטע נאַציאָנאַליסטן. ס'באַווייזן זיך די ערשטע שפּראָצונגען פון „כיבאַס־ציען", ס'הייבט זיך אָן אַ מעכטיקע עמיגראַציע קיין אַמעריקע. די בירגערלעכע אידי־שע געזעלשאַפטלעכקייט הייבט זיך אָן צו דיפערענצירן.

אין מענדעלעס בריוו צו בינשטאָקן, געשריבן אין די 80־ער יאָרן, טרעפן מיר אָן אָפּקלאַנג פון דעם איינדרוק, וואָס די פּאָגראָמען האָבן געמאַכט אף מענדעלען. אין איין בריוו שרייבט ער בינשטאָקן, אַז ער בייגקט אין די זשי־טאָמירער וועלדער. „די איצטיקע געשעענישן און די טרויעריקע לאַגע פון אונזערע אידעלעך, שרייבט ער, רופן בא מיר אַרויס גראָד טאַקע דעם גע־דאַנק וועגן וועלדער און וועגן כאַיעס, וואָס געפינען זיך דאָרטן. דאָרטן, דאַכט זיך מיר, לעבט זיך בעסער און רואיקער. איך בין איצט פאָלקאָם אייניק מיט רוסאָן, וואָס האָט גערופן דעם מענטשן אַוועקוואַרפן צום טייוול זיין נאַרישע צי־וויליזאַציע און צוריק אומקערן זיך אין די וועלדער".

מענדעלע איז דורך און דורך געווען א שרייבער מיט א געזעלשאַפטלעכן כוש. זיין פּען האָט שטענדיק געוואָלט דינען דער געזעלשאַפט. איצט, נאָך דער

פּאָגראָם־כוואַליע, ווען באַ אַסאַך מענטשן פון מענדעלעס דאָר האָט זיך גע־ביטן די וועלט־אַנשויאונג, ווען ס'זיינען אַנטשטאַנען נייע באַוועגונגען, האָט מענדעלע פאַרלאָרן זיין גלייכגעוויכט. מ'דאַרף זאָגן, אַז מענדעלע איז קיינמאָל נישט געווען קיין מענטש מיט פעסטע פּאָליטישע איבערצייגונגען. ער איז זיך געגאַנגען באַ א זייט, געהאַט זיין אייגענעם אויפן פון אויפנעמען געזעלשאַפט־לעכע דערשיינונגען. „ציבאַס־ציען" איז אים, קלאָר, ניט געווען צום האַרצן. ער איז דערצו געווען צופיל סקעפּטיקער, צופיל רעאַליסט.

אין א בריוו צו בינשטאָקן (1882), וועלכער האָט געהערט צו דער וואָס־כאָד־גרופּע (די גרופּע אינטעליגענץ, וואָס האָט זיך קאָנצענטרירט אַרום דעם אידיש־רוסישן זשורנאַל „וואָסכאָד", איז געווען קעגן עמיגראַציע קיין פּאַלע־סטינע, גערעכנט, אַז אַמעריקע איז מער צוגעפּאַסט פאַר די אידישע מאַסן, וואָס מוזן עמיגרירן פון רוסלאַנד), שרייבט מענדעלע: „אייער קוק אף די פראַגן וועגן אידישער עמיגראַציע איז זייער א ריכטיקער, און איך בין מאָל־קאָם מאַסקים מיט אייערע אַרגומענטן, וועלכע בילדן א טייל פון מיינע גרונט־געדאַנקען מיקויעך דעם איניען. ליידער אָבער זיינען מיר א ווינציקע מינדער־הייט אין פאַרגלייך מיט יענע, וואָס האַלטן זיך בא דער קעגנזועצלעכער מיי־נונג, און שטרייטן מיט זיי איז גאָר אן אומזיסטע זאַך און מ'קען נאָך דער־מיט אַרויסרופן קעגן זיך טאַינעס און אַלגעמיינע אומצופרידנהייט. און דאָס איז איינע פון די אורזאַכן, פאַרוואָס איך האָב אַוועקגעשטעלט אין א זייט מיין פעדער און שרייב איצט גאָרנישט".

ס'איז איינע פון די שוואַכע זייטן אין מענדעלעס כאַראַקטער אויך אין די שפּעטערדיקע יאָרן: מענדעלע האָט ניט שטענדיק געוואָלט גיין אַקעגן שטראָם. באַזונדערס, ווען מ'האָט געקענט אופשטעלן אַקעגן זיך די, וואָס פון זיי איז ער געווען אָפּהייניגיק. און דערפאַר שרייבט ער ניט, כאָטש ער איז אַקעגן „ציבאַס־ציען". געוויס איז ער אין דער צייט געשטימט אויך קעגן דער צוויי־טער אַסימיליאַטאָרישער טעאָריע פון דער אידישער בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך געהאַלטן אין איין מישטאַדל זיין אין די רוסישע הויכע ספערן, און גע־טאַינעט פאַר דער אידישער באפעלקערונג, אַז מ'דאַרף ניט מאַכן קיין ראַש, אידן דאַרפן ניט עמיגרירן—די פּאָליטיק פון דער צאַרישער רעגירונג וועט זיך ענדערן צו גוטן און די לאַגע פון אידן וועט פאַרבעסערט ווערן. מענדע־לע איז קעגן דערדאָזיקער טעאָריע, אָבער זיין באַציאונג צו דעם קומט ניט צום אויסדרוק.

צום סאָף פון 1884־טן יאָר, ווען די העברייאישע צייטונג „האַמיליץ" דער־מאָנט אירע לעזער, אַז גאָר אינגיכן, אין דעקאַבער, דאַרף פּאָרקומען דער 25־יאָריקער יובילייַ פון מענדעלעס שאַפן, ווענדעט זיך דער רעדאַקטאָר פונם „האַמיליץ", אַלעקסאַנדר צעדערבוים, צו מענדעלען אין אן אַרטיקל מיט א פראַגע: פאַרוואָס שווייגט ער? איצט, אין אזא צייט, ווען ס'זיינען פאַראַן

אַזויפיל אָנגעווייטיקטע פראַגן, טאָר, לויט צעדערבוימס מיינונג, אזא אָנגעזע־ענער שרייבער, ווי מענדעלע, ניט שווייגן.

ס'איז אונז אלציינס, זאָגט צעדערבוים, צו דו ביסט פאר די „כויועוויי־ציען, צי אַקעגן זיי — נאָר זאָגן דארפסטו. אין אַזאַ צייט טאָר מען ניט שטיין אָן אַ זייט".

און מענדעלע ענטפערט צעדערבוימען. ער שרייבט, אז ער האָט דאָס פאָלק גיט ווייניקער ליב, ווי די, וואָס שרייען. ער ווינשט דעם נאָר גוטס, ער וויל אָבער דאָס פאָלק ניט איינריידן קיין פוסטע זאַכן. ער וויל עס גליקלעך מאַכן דורכדעם, וואָס עס וועט זיך אויסלערנען אַרבעטן, ס'וועט ווערן גייסטיק קרעפטיקער און וועט אַזוי ארום אופבויען זיין גליק אף פעסטע יעסוידעס.

מענדעלעס מוזע איז אַנטשוויגן געוואָרן אף גאַנצע זעקס יאָר. ווי האָט ער, כוץ אלע זאַכן, אין אַזוינע שווערע יאָרן געקענט אַרויס מיט זיין בייסי־קער סאַטירע, מיטן שארפן וואָרט, ווען ס'האָט איבער אידישע שטעט געבור־שעוועט די פאָגראָם־כוואַליע, ווען הונדערטער מענטשן זיינען געלאָפן וואוהין די אויגן האָבן געטראָגן, ווי פון א פייער.

שוין ערעוו דעם יובילײ, אין 1884־טן יאָר, שרייבט מענדעלע אין דער ווידמונג פון זיין דראַמע „דער פריזיוו": „די צאָרעס פון דער לעצטער צייט האָבן פאַרשטיינערט מיין האַרץ, אַזוי אַז די צונג האָט זיך מיר ניט געלייגט צו ריידן און די האַנט צו שרייבן א וואָרט".

אָבער מענדעלע איז ניט אַנטשוויגן געוואָרן. ס'זיינען איבערגעגאַנגען די ערשטע שווערע יאָרן נאָך דער פאָגראָם־כוואַליע פון 1881־טן יאָר און מענדעלע קערט זיך ווידער אום צו ליטעראַרישער ארבעט.

טאַקע אין דער אויבנדערמאָנטער ווידמונג („צום פריזיוו") לייענען מיר: „עס האָט זיך מיר שטאַרק געגלוסט ווידער צו מיינע לייט. קינעס, יאָמער און קלאָג אף דער אידישער שלעכטער לאַגע — אין א זייט, מיר איז געלעגן מיינס אין זין. שפילן א ווינעגדיקס וועל איך, נישקאָשע, ניט פאַרזאַמען שפעטער. מיט צאָרעס האָבן אידישע קינדער, באַרעך־האַשעם, קיין דאיגע ניט... און דערווייל איז מען דאָך ניט מער, ווי א באָסאָר־וועדאָם, עס גלוסט זיך פאָרט אַמאָל א קוק טון אין דער זייט, אַ לאַך טון און טאַקע כאַפן הינטערוויילעכס א טאַנץ אויך".

מענדעלע קערט זיך נאָך זעקס יאָר שווייגן ווידער אַמאָל אום צו זיינע פאַרשוינען, צו זייערע גיינג, צו זייערע געוויינהייטן — און זיין ליטעראַרישע אַרבעט דויערט מיט קליינע איבעררייסן ביז די לעצטע יאָרן פון זיין לעבן.

V

אין 1884־טן יאָר איז געפייערט געוואָרן דעם 25־יאָריקער יובילײ פון מענדעלעס ליטעראַרישער טעטיקייט.

אָרגאַניזירט און אנטייל גענומען אין מענדעלעס ערשטן יובילײ (1884) האָבן ניט די פאָלק־מאַסן, פאַר וועלכע מענדעלע האָט געשריבן, נאָר די אַסי־מילירטע בירגערלעכע אידישע אינטעליגענץ.

די פייערונג האָבן אָרגאַניזירט מענדעלעס פריינט אין אָדעס, די פעטער־בורגער פריינט זיינע האָבן אף זייער כעשבן ארויסגעגעבן די דראַמע „דער פריזיוו", וואָס מענדעלע האָט אָנגעשריבן צו יענער צייט.

אין די צייטונג־אַרטיקלען לעקאָוועד מענדעלעס יובילײ, ווי אויך אין די רעדעס אף די באַנקעטן, פילן זיך די שטימונגען פון דער צייט, די נייע ווינטן, וואָס האָבן גענומען בלאָזן אין דער אידישער בירגערלעכער געזעלשאַפטלעכ־קייט. מער פון אַלץ גיט אָפּ אָרט דעם יובילײ און דעם יובילייאַר — מענדע־לען — די אידיש־רוסישע פרעסע.

וואָס איז דער גרונט־טאָן פון די אַרטיקלען, ווי אויך פון די רעדעס אף די באַנקעטן אין אָדעס און פעטערבורג לעקאָוועד מענדעלען? אינם אַדרעס, וואָס אָדעסער פאַרערער מענדעלעס האָבן צוגעטראָגן דעם יובילייאַר, ווערט צווישן אַנדערן געזאָגט: „איר האָט געווידמעט אלע אייערע קויכעס און פיי־איקייטן די אינטערעסן פון אייער פאָלק... איר האָט אָנגעהויבן צו ריידן צום פאָלק אף זיין אייגענער שפּראַך און מיטן קויעך פון אייער טאַלאַנט האָט איר אופגעוועקט זיין זעלבסטבאַוואוסטזיין. איר האָט אין זיין מויעך אַ ריר געטון דעם געדאַנק וועגן דער נייטיקייט אַרויסצוגיין פון דער פינצטערקייט. איר האָט גוט און ערלעך צוגעגרייט אין פאָלק א באָדן אף אופצונעמען די שענ־סטע אידעאַלן פונם געזעלשאַפטלעכן לעבן..."

די אידישע אַסימילירטע אינטעליגענץ האָט איצט איבערגעלעבט כאַראָטע־שטימונגען, די פּאָגראָמען און רעדיפעס האָבן אין זיי אופגעוועקט נאַציאָנאַלע געפילן — אין מענדעלען זעען זיי שוין איצט ניט נאָר דעם מאַסקיל, דעם קעמ־פער מיט דער פינצטערניש — זיי זעען אין אים איינעם פון די, וועלכע האָבן באַם פאָלק אופגעוועקט דעם נאַציאָנאַלן זעלבסטבאַוואוסטזיין.

ס׳איז אויך א סימן פון דער צייט, וואָס מער פון אַלץ ווערט דערמאָנט די „קליאַטשע"—דאָס ווערק, וואו מענדעלע האָט געשטעלט די פראַגע וועגן צווישנבאַציאונגען צווישן די אידן און די ארומיקע פעלקער. די נאַציאָנאַלע פראַגע איז דעמאָלט בא דער אידישער אינטעליגענץ געווען זייער אַקטועל און אין מענדעלען האָט מען געוואָלט זען דעם אויסדריקער פון נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען. אף דעם יובילײ האָט זיך אָפּגערופן אויך די ניט־אידישע פרעסע. אין אייניקע רוסישע און פוילישע זשורנאַלן באַווייזן זיך איבערזעצונגען פון מענדעלעס ווערק; דער פוילישער שריפטשטעלער יונאָשאַ, וועלכער האָט איבערגעזעצט „מאַסאָעס" אף פויליש, האָט איינגעלאַדן מענדעלען קיין וואַרשע און די פוילישע ליטעראַטן האָבן פאַר מענדעלען געמאַכט א גרויסאַרטיקן באַנקעט, וואו זיי האָבן אים באַערט.

מענדעלעס ביאָגראַף ראַווניצקי קלאָגט זיך שפּעטער: „אונזערע אידן, זאָגט ער, זיינען דעמאָלט געשטאַנען פונדערווייטנס, גלייך ווי די שימחה איז ניט זייערע, א ריין פוילישע, און אידן האָבן ניט געוואָלט טאַנצן אף א פרעמדער כאַסענע".

זייער כאַראַקטעריסטיש פאַרן צושטאַנד פון דער אידישער פרעסע און ליטעראַטור אין יענער צייט איז דאָס, וואָס אינם איינציקן אידישן אָרגאַן פון יענער צייט „דאָס אידישע פאָלקסבלאַט" ווערט מענדעלעס יובילײ קימאַט אינגאַנצן פאַרשוויגן.

און מענדעלע איז דאָך שוין דעמאָלט געווען אַן אָנגעזעענער שרייבער, אין דער אידישער ליטעראַטור איז ער געווען צווישן די ערשטע, ער האָט אויך געהאַט א גרויסע ווירקונג אף די אינגערע אידישע שרייבער, ווי ספּעקטאָר, שאָלעם־אַליכעם א. א.

ערשט אין עטלעכע יאָר נאָכן יובילײ באַווייזט זיך אין „פאָלקס־ביבליאָטעק" שאָלעם־אַליכעמס אַן אַרטיקל וועגן מענדעלעס „פישקע דעם קרומען", וואו שאָלעם־אַליכעם שאַצט אָפּ, ווי געהעריק מענדעלעס גרויסן טאַלאַנט.

אין „שאָמערס מישפּעט" (1888) שטעלט שאָלעם־אַליכעם אַנטקעגן דער שונד־ליטעראַטור, וואָס שאָמער האָט פאַבריצירט, די גרעסערע אידישע שרייבער פון יענער צייט און צווישן זיי פאַרנעמט מענדעלע דאָס ערשטע אָרט.

אף שאָלעם־אַליכעמען האָט מענדעלע שוין אין די 80־טע יאָרן געהאַט א גרויסע ווירקונג.

ווי שאָלעם־אַליכעם דערציילט אין דער האַקדאָמע צו זיין ראָמאַן „סטעמפּעניו" (1888), האָט ער דאָס ווערק געשריבן אונטער מענדעלעס ווירקונג. שאָלעם־אַליכעם זאָגט אָפּ, אז ער לערנט זיך באם זיידן מענדעלע און רופט זיך אָן זיין איניקל.

שאָלעם־אַליכעם האָט זיך מיט דעם קיינמאָל ניט באַהאַלטן, פאַרקערט, ער איז געווען שטאָלץ דערמיט, וואָס ער לערנט זיך בא אזא גרויסן קינסטלער ווי מענדעלע.

און ניט נאָר אױף שאָלעם־אַלײכעמען האָט מענדעלע שױן דאַן געהאַט אַ װירקונג. אונטערן אײנפלוס פֿון מענדעלעס „פֿישקע דעם קרומען" שרײַבט ספּעקטאָר אָן אַ דערצײלונג „אניִים װעעװױונים" (אָרעמע לײט). אױף דערדאָזיקער װירקונג װײזט אָן שאָלעם־אַלײכעם נאָך אין די 80־ער יאָרן. „די באָבאַכטנדע לעזער, שרײַבט שאָלעם־אַלײכעם, האָבן געװיס באַמערקט, אַז אינעם ראָמאַן „אניִים װעעװױונים" פֿון ספּעקטאָר שײַנען זיך אָפּ, װי אין שפּיגל, דיזעלבע טיפּן, װי בײַ אַבראַמאָװיטשן".

סאָף 80־טע יאָרן הײבט זיך אָן אַ נײַער עטאַפּ אין מענדעלעס שאַפֿן.

פֿריער פֿאַר אַלץ הײבט מענדעלע אָן איבעראַרבעטן זײַנע פֿריערדיקע װערק. אַזױ אַרבעט ער אין 1888־טן יאָר איבער „פֿישקע דעם קרומען". פֿון דעם קלײנעם ביכעלע, װאָס מיר האָבן פֿון די 60־טע יאָרן, באַקומען מיר אַ גרױסן בוך פֿון 184 זײַטן. דאָס װערק איז קימאַט אינגאַנצן איבערגעאַרבעט, עס קומען צו אַסאַך נײַע בילדער, די אינעװײניקסטע רעמלעך פֿונעם װערק זײַנען שטאַרק פֿאַרברײטערט, די שפּראַך אָפּגעפֿײלט, אָפּגעשליפֿן.

אױב פֿריער האָט מענדעלע דאָס לעבן פֿון די בעטלער אין „פֿישקע דעם קרומען" געגעבן, װי אַ באַזונדער װינקעלע אינעם אידישן לעבן, װי עפּעס אױסטערלישעס, װערט עס דאָ שױן פֿאַראַלגעמײנערט. די טאָרבע װערט בײַ מענדעלען אַ סימװאָל פֿון דער אידישער אָרעמקײט. אין דער פֿאָרעדע, װאָס ער גיט צו אין 1888־טן יאָר צו „פֿישקען", שרײַבט ער: „מיר איז באַשערט געװען אַראָפּצולאָזן זיך אױפֿן נידעריקסטן טרעפּל פֿונעם אידישן לעבן אונטער די קעלערס. איך האָב נאָר שטענדיק צו טון מיט עװיונים, קאַבצאָנים, אומגליק־לעכע נעבעך; אױך מיט מענטשעלעך דראַבעס, פּאָקוסניקעס אוכעדױמע אַזעלכע מינע נעפֿאַשעס, קלײניטשקע נידריקע פֿאַרשװינען. מיר כאַלעמט זיך נאָר בעט־לערס: פֿאַר מײַנע אױגן שװעבט טאָמיד אַ טאָרבע — די אַלטע גרױסע אידישע טאָרבע הײנגט מיר טאָמיד, װי יענעם מאָרעשכױרעניק אַ לונג־און לעבער אױף דער נאָז. װאוהין איך זאָל מיך ניט קערן און װענדן, זע איך פֿאַר מיר די טאָרבע. װאָס איך זאָל ניט װעלן עפּעס דערצײלן אָדער זאָגן, קומט מיר פֿאָר די טאָרבע".

אין „פֿישקע דעם קרומען" פֿילט זיך אָפּ, װי מענדעלע װיל אונטער־שטרײַכן דעם כילעק צװישן דער שײנער פֿרישער נאַטור און דער שמוציקײט און אָרעמקײט פֿון די גלופּסקער און קאַבצאַנסקער פֿאַרשװינען.

עס קומען דאָ צו שײנע נאַטור־שילדערונגען, מענדעלע האָט נאָך בעאײס זײַן װאַנדערן מיט אַװורעמל דעם הינקענדיקן און נאָך פֿריער אין מעלניק געהאַט אַ מעגלעכקײט זיך צוקוקן צו דער נאַטור, זיך מיט איר נאָענטער צו באַקע־נען און אינעם נײַעם „פֿישקע דעם קרומען" נוצט ער אױס זײַן באַקאַנטשאַפֿט מיט דער נאַטור און גיט דאָ אַ גאַנצע רײ לעבעדיקע נאַטור־בילדער.

אין 1888־טן יאָר הײבט מענדעלע אָן צו דרוקן אינעם ש. א. זאַמלבוך „די פֿאָלקס־ביבליאָטעק" „דאָס װינשפֿינגערל" (פֿאַרענדיקט 1904). נאָך מיט 25 יאָר

צוריק (1864) האט מענדעלע אָפּגעדרוקט דאָס ערשטע „ווינשפינגערל״—א קליין דינינק ביכעלע. איצט האָט זיך מענדעלע דערמאנט אין דעם ווערק און באַשלאָסן עס איבערצואַרבעטן און אָפּסניי אַרויסגעבן.

אזאַ שטריך איז שוין געלעגן אין מענדעלעס אַרט שרייבן, וואָס יעדער טיפּ, יעדער ווערק האָט ער שטענדיק געקענט פון אינעווייניק פאַרברייטערן,— ער האָט עס דערביי קינסטלעריש פאַרטיפט, דעטאַליזירט און געמאַכט בוילעטער.

אינם „ווינשפינגערל״ גיט אונז מענדעלע א מאָנומענטאל בילד פונם אַלטן אידישן לעבנשטייגער. אין א פאָרם פון הערשעלעס ביאָגראַפיע שילדערט אונז מענדעלע דאָס לעבן פונם קאַבצאַנסקער אידן פונם געבורט ביז ער ווערט א דערוואקסענער מענטש, זיין ליידן און זיין טרייסט אף דער וועלט. פאר אונזערע אויגן גייט דורך דאָס גאנצע לעבן פון קאַבצאַנסק און גלופּסק, ניט נאָר דאָס גייסטיקע לעבן, נאָר פריער פאר אַלץ דאָס מאַטעריעלע.

וועגן קאַבצאַנסק דערציילט מענדעלע אַזוי: „די קאַבצאַנסקער באַלעבאַטים זיינען, ניט פאר אייך געדאַכט, גרויסע עוויונים, האָבן ניט, איר זאָלט זאָגן, א צעבראָכענעם גראָשן באַ דער נעשאָמע. אין קאַבצאַנסק אליין איז פאר זיי ניטאָ קיינשום פּאַרנאָסע, כיידן איינער צום אַנדערן אין די הייזער ארומצוגיין״. און אף דעם פּאָן מאָלט מענדעלע די געשטאַלטן פון זיינע העלדן אין „ווינשפינגערל״.

דאָס „ווינשפינגערל״ איז א מין ענציקלאָפּעדיע־ווערק, דאָ האָבן מיר אַלע בריעודיקע פּאָסיוון מענדעלעס, אלע בריעודיקע טיפּן פּאַרפּאלקאכט. ער גיט אונז דאָ קאַבצאַנסקער און גלופּסקער עקאָנאָמיק, די אידישע פּאַרנאָסעס, איין אָרעמאַן אפן צווייטן, איין קלייט אף דער אַנדערער—דער פּאראזיטיזם פונם אידישן לעבן איז דאָ געגעבן אין א הויך קינסטלערישער פאָרם.

מיר האָבן דאָ ווייטער די פאַרשיידענע שיכטן, פון וועלכע ס׳באשטייט די אידישע באַפעלקערונג. מענדעלע דיפערענצירט, ווייזט אונז ווידער פון איין זייט—די שטאָט־באַלטויוועס, די קליינע מענטשעלעך, די בלוט־זויגערס (לייבצע דער רויטער א. אנד.); פון דער צווייטער צייט—ווייזט ער די אָרעמע אידישע מאַסע. ער וויל אויך ווייזן די נייע מענטשן, די פּאָזיטיווע פּערזאָנען (ר׳ רעפּאָעל, ספּיר)— מענדעלעס באַציאונג צו די אלע פערזאָנען האָט זיך וויניק־וואָס געענדערט. ער האָט אָבער זיי געוויזן אף א נייעם אויפן, ער האָט געוויזן יעדן העלד אין זיין היים, געוויזן זייער פאַמיליען־לעבן (צום ערשטן מאָל ביכלאַל האָט דאָ מענדעלע געמאָלט דאָס אידישע פאַמיליען־לעבן)

אין דעם ווערק שטעלט זיך מענדעלע באזונדערס אָפּ אף די „נייע מענטשן״. דאָס איז דער מאַסקיל רעפּאָל בערלינער. רעפּאָעל איז א פּייאיקער סוכער, א היינטוועלטיקער.

„אין דער שטאָט גלופּסק, דערציילט מענדעלע, איז רעפּאָעל באקאנט געווען פאר א גוטן, פיינעם, ערלעכן יונגערמאַן, האַגאַם ער האָט געהאַט א שטיקל

אָנבליק פון דעם נייעם שניט מענטשן... אידן דאַרפן אים פּאָשעט גערופן באַם נאָמען—ר' רעפאָעל, א סימען, ווי שטאַרק באַליבט ער איז געווען באַם אוילעם".

רעפאָעל איז א טיפּ פונם אופּקומענדיקן אידישן סוחער, פון פארגעשרי־טענעם, ליבעראַלן מענטשן—מענדעלעס סימפּאַטיעס זיינען אינגאַנצן אף זיין זייט.

מענדעלעס אידעאַל שיינט צו יענער צייט צו זיין—דער געבילדעטער אי־דישער סוחער, וועלכער איז איינצייטיק א מאַסקיל—און מענדעלע באַשיינקט אים מיט אַלע גוטע מידעס פון א „פּאָזיטיוון" טיפּ.

אינם „ווינשפינגערל" וויזט אונז מענדעלע אויך צום ערשטן מאָל א גע־שטאַלט פון א מעקלער (ר' אָשער), מענדעלעס איינקל שאָלעם־אַלייכעם וועט דעם מעקלער אין דער פּערזאָן פון מענאַכעם־מענדלען דערהייבן צו א סימ־וואָלישער פיגור אין דער אידישער ליטעראַטור.

3 יאָרצענדליק נאָכאַנאַנד (ביז די 90־טע יאָרן) שטייט מענדעלע אין דער שפּיץ פון דער אידישער ליטעראַטור. אָבער שוין אין אָנהייב פון 90־ער יאָרן באווייזט זיך א גרופּע אידישע שרייבער, וועלכע הייבט אָן פירן די ליטעראַטור אף נייע וועגן; זיי ברייגען מיט זיך געזעלשאַפטלעכע אידייען, פרישע קינסטלערישע מאָטיוון און הייבן אָן שאַפן פארבינדונגען מיט נייע סאָציאַלע שיכטן אין דער אידישער סוויווע. צו דער גרופּע געהערן: שאָלעם־אַליי־כעם, פּערעץ, פּינסקי, ספּעקטאָר און רייזען. די נייע גרופּע ברייגט אריין א גרויסע אופלעבונג אין דער ליטעראַטור, אָבער דידאָזיקע אופלעבונג איז שוין ניט פאַרבונדן מיט מענדעלעס נאָמען, ער בלייבט ביכלאַל אין די יאָרן בא דער זייט פונם לעבעדיקן שטראָם אין דער ליטעראַטור.

מיט וואָס איז דאָס צו דערקלערן?

דאָס דערקלערט זיך מיט די גרויסע ענדערונגען, וועלכע זיינען פאָרגעקומען אין די 90־ער יאָרן אין דער אידישער סוויווע. די 90־טע יאָרן האָבן ביכלאַל פאר גאַנץ רוסלאַנד געבראַכט גרויסע פּאָליטיש־געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען.

אין די 90־טע יאָרן קריגט די רעאַקציע, וועלכע האָט זיך געהאַט איינגעשטעלט אין לאַנד אין די 80 יאָרן, די ערשטע ערנסטע קלעפּ.

דער הונגער פון 1891—2, וואָס האָט אופגעטרייסלט דאָס לאַנד און ארויסגערופן א ברייטע געזעלשאַפטלעכע באוועגונג, דער ווייטערדיקער וואוקס פונם קאַפּיטאַליזם אין רוסלאַנד, וואָס גייט באנאַנד מיט א מעכטיקער שטרייק־באַוועגונג פון אַרבעטער, די פאַרשפּרייטונג פון דער סאָצ. דעמאָקראַטישער ווירקונג אינם אַרבעטער־קלאַס—דאָס אַלץ ענדערט די פיזיאָנאָמיע פונם לאַנד,— דאָס זשאַנדאַרמערישע רוסלאַנד פון אַלעקסאַנדר דעם 3־טן גייט מיט א שנעלן טעמפּ צו גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן.

אויך דאָס אידישע לעבן קומט אין די 90־טע יאָרן אין באַוועגונג.

די אינערלעכע עמיגראַציע פונם שטעטל אין דער גרויסער שטאָט גייט מיט א שנעלן טעמפּ, ס'בייטן זיך די אידישע פאַרנאָסעס, אידן ווערן אַריינגעצויגן אין דער פאַבריק — ס'וואַקסט אויס דער אידישער אַרבעטער־קלאַס, ס'וואַקסט זיין רעוואָלוציאָנער באַוואוסטזיין.

פֿון דער אַנדערער זייט ווערט מיטן וואוקס פֿון קאַפּיטאַליזם ארויסגעריסן בא גרויסע גרופּן פֿונם אידישן מיטלשטאַנד דער עקאָנאָמישער באָדן פֿון אונטער די פֿיס.

אין שטענדיקן קאַמף מיטן אופקומענדיקן ניט־אידישן סויכער, מיט וועמען ס׳איז שווער צו קאָנקורירן צוליב די ספּעציעלע באַגרענעצונגען פֿאר אידן, דער־פֿילט זיך דער אידישער מיטלשטאַנד אָן פּערספּעקטיוון, באָדנלאָז. אויב דער „כיבאס־ציען״ האָט אין די 80־טע יאָרן פֿארכאַפּט נאָר קליינע גרופּן נאַציאָנאַ־ליסטישע אינטעליגענץ, ציט ער צו אין די 90־טע יאָרן גרעסערע מאַסן פֿונם אידישן מיטלשטאַנד.

די נייע פּראָצעסן, וואָס די 90־טע יאָרן האָבן ארייננעבראַכט אין דער אי־דישער סוויווע, האָבן זיך אויך אָפּגעשפּיגלט אין דער ליטעראַטור.

א טייל פֿון דער נייער גרופּע שרייבער, פּערעץ און פּינסקי, קומען אין דער ליטעראַטור מיט סאָציאַליסטישע שטימונגען. פּערעץ איז אין די 90־טע יאָרן געווען בארוישט פֿון סאָציאַליסטישע אידייען, האָגאַם ניט גענוג קלאָרע און דורכגעטראַכטע. ער איז א צייט געשטאַנען גאַנץ נאָענט צו ארבעטער־קריי־זן, אַפֿילע געווען אַרעסטירט.

נאָך איידער דער „בונד״ איז געגרינדעט געוואָרן האָט שוין פּערעץ אַרויס־געגעבן זיינע „יאָנטעוו־בלעטלעך״, וועלכע זיינען אַרומגעגאַנגען צווישן אַרבע־טער, ווי פּראָקלאַמאַציעס.

אין דער צייט, ווען אין דער אידישער אינטעליגענץ הייבן זיך אָן קלאָר אויסבילדן צוויי לאַגערן—פֿון איין זייט די סאָציאַליסטיש־געשטימטע אינטעלי־גענץ, פֿון דער צווייטער זייט — די בורזשואַז־נאַציאָנאַלע — איז מענדעלע לויט זיינע סימפּאַטיעס נעענטער צום צווייטן לאַגער. די סימאָנים פֿון סאָציאַליסטי־שע שטימונגען, וועלכע מענדעלע האָט געהאַט אָנהייב 70־טע יאָרן, פֿאַרשווינדן. מענדעלע פֿארבלייבט בא זיין אַלטער מאַסקילישער אידעאָלאָגיע, ער איז קאָנ־סערוואַטיוו אין זיינע אנשויאונגען און פֿילט זיך בעסער אין דער סוויווע פֿון דער בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישער אינטעליגענץ.

אַזאַ סוויווע איז דעמאָלט אין אָדעס געווען.

אין אָדעס האָבן זיך דאַן געפֿונען ראַווניצקי, אַכאַד־האָאָם, בען־אַמי, שפּע־טער קומט צו אויך דער העברייאישער פּאָעט ביאַליק—זיי זיינען אַלע מענדע־לעס פֿארערער און שאַפֿן צוזאַמען מיט מענדעלען א ליטעראַרישן קרייז.

מ׳קומט זיך צונויף אַלע שאַבעס אָדער איינמאָל אין צוויי וואָכן און מ׳פֿירט א שמועס אַף פֿאַרשיידענע טעמען—געוויינלעך וועגן כיבאס־ציען, עמיגראַציע, נאַציאָנאַליזם און אַנדערע טאָג־פֿראַגן.

אין דעם קרייז האָט מענדעלע ניט געהערט צו קיינער פֿון די עקזיסטירנ־דיקע ריכטונגען, ער איז שטענדיק געגאַנגען בא א זייט, ארויסגעזאָגט זיין מיינונג דורך א שיינעם מאָשל, א פֿיין גלייכווערטל. פֿון קיין פּרינציפּן האָט ער ניט געהאַלטן.

אלס רעזולטאַט פון אָט־אָ די אָוונטן, זעגען געקומען איייניקע האלב־פּובּ־ליציסטישע ווערק, וואָס מענדעלע האָט אָנגעשריבן אין 90־ער יאָרן.

אַזוי איז אָפט געווען באַ מענדעלען: ווען ס׳האָט זיך געדאַכט, אַז ער איז שוין אַוועקגעגאַנגען פונם פּובּליציסטישן נוסעך, זיך אָפּ שטענדיק מיט אים געזעגנט, האָט מען פּלוצים פון אים באַקומען אַ ניי ווערק, וואו ס׳האָט זיך ווידער געלאָזט הערן די פּובּליציסטישע טענדענץ.

אין 1895־טן יאָר דרוקט מענדעלע אָפּ „די אלטע מאַיסע״, אין 1899־טן יאָר — „אַ סגולע צו אידישע צאָרעס״. אין „אַ סגולע צו אידישע צאָרעס״ זעען מיר, אַז פון אלע דיסקוסיעס האָט מענדעלע אַרויסגעטראָגן דעם געדאנק, אַז די שווערע לאַגע פון די אידן וועט נישט לייזן דאפּקע ערעץ־איסראָעל. ער שרייבּט: „ווען מיר ווילן קוקן אין טאָך אַריין, אופּגעריכט צו ווערן אַזוי, אַז מ׳זאָל אַ שענערן פּאָנים באַקומען אי באַ זיך אליין, אי באַ אַנדערע, באַדארפן מיר נישט אָנעמען דאפּקע אין ערעץ־איסראָאל ווי אַמאָל זיך צו באַזעצן, מ׳ר ווינשן אַצינד אונזערע אָרעמע ברידער נישט מער, ווי עפּעס א שטיקל אָרט, וואָס זיי זאָלן קענען אָנרופן זייער אייגנס און לעבּן קעדאס מוישע וועאיסראָאל. אף וואָס מ׳דארף פריער פאר אלץ קוקן, איז אָנצווטרעפן אַזאַ לאַנד, צו וועלכן ס׳איז גרינגער צוקומען און פּאַסט טאַקע צוגלייך פאר אונזערע קינדער פון פאַרש־דענע מעדינעס, אַז זיי זאָלן דאָרט קענען זיצן בּימנוכע ווי באַ זיך אינדערהיים און אַרויסבּריינגען דאָס שטיקל בּרויט מיט אייגענער ארבּעט״.

אין די ווערק פּרואווט מענדעלע ארויספירן נייע טיפּן, כּיווועווי ציען, אי־דישע אינטעליגענטן פון דער נייער צייט — אָבער זיי זענען אַבּסקראקט, טרוקן, ס׳איז אין זיי נישטאָ די קינסטלערישע שליימעס, ווי אין מענדעלעס פריער־דיקע טיפּן.

אין יאָר 1897 גרינדעט זיך אין אָדעס מיטן אידישן היסטאָריקער דובּ־נאָוו אַנטייל אַ נייער קרייז אונטערן נאָמען: „היסטאָריש־ליטערארישע קאָמיסיע״.

דובּנאָוו דערציילט, אַז דער קרייז איז געגרינדעט געוואָרן באַ דער אָרטי־קער געזעלשאַפט „מעפּיצי האַסקאָלע״, וועלכע האָט געדאַרפט דינען אַלס אַ שוץ קעגן פּאָליצייאישע שטערונגען, קעדיי זיי זאָלן זיך קאָנען פריי צונויפ־קומען. אין דער קאָמיסיע איז אריינגעגאַנגען: דובּנאָוו, אכאד־האָאָם (דער אידעאָלאָג פונם גייסטיקן ציאָניזם), מענאשע. מארגוליס (אידעאָלאָג פון אַסימילאציע) און מענדעלע אַליין. דאָס זיינען געווען מענטשן פון פאַרשידענע ריכטונגען, און צווישן זיי איינער אָן אַ שום ריכטונג — מענדעלע. דער ציל פון דער קאָמיסיע איז געווען — דורך אַ ברייטער דיסקוסיע איבּער אלע פּאָ־ליטיש־געזעלשאַפטלעכע פראגן פונם אידישן לעבּן שאַפן אַ געמיינזאַמע פּלאַט־פאָרם פאר נאַציאָנאַלער ארבּעט. די ארבּעט פונם קרייז האָט זיך געצויגן בּיזן 1901־טן יאָר. אין דעם קרייז האָט זיך מענדעלע געפילט גוט, געשטערט האָט

אים נאָר די „דיסציפּלין", דאָס, וואָס מ'האָט געפירט אַ זיצונג, מיט אַ פּראָטאָקאָל, מיט „ווערטער" א. א. וו.

יעדער מיטגליד פון דער קאָמיסיע האָט זיך געהאַט זיינעם אַ שטאַנדפּונקט — מאַרגוליס האָט פאַרטיידיקט זיין אַסימילאַטאָרישע טעאָריע, דובנאָוו האָט באַהאַנדלט די יעסוידעס פון דער דאַן נאָך נייער סיסטעם פון אַווטאָנאָמיזם און „נאַציאָנאַלע רעכט" — נאָר איין מענדעלע האָט אָפּגעוואָרפן אַלע מיינונגען, וואָס זיינען אַרויסגעזאָגט געוואָרן אַף דער זיצונג, און יעדעס מאָל האָט ער אַרויסגערוקט עפּעס אַ נייע, אַפן אָרט צוגעטראַכטע טעאָריע.

די טעאָריע, אַ צוגעטראַכטע אַפן אָרט, אַ אימפּראָוויזירטע איז געווען אָנגעזאַפּט מיט מענדעלעס שיינע מעשאָלים, מיט אַ וואונק, אַ ווערטל, וואָס האָט געוויינטלעך אוועקגעפירט גאַנץ ווייט פון דער טעמע. ס'האָט נישט געהאָלפן קיין פּראָטעסטן — אַנדערש האָט ער ניט געקענט.

דובנאָוו דערציילט וועגן אינצידענטן, וואָס פלעגן אַף דעם באָדן פּאָרקומען אין דעם קרייז: מ'פלעג אַף יעדער זיצונג דורכלייענען דעם פּראָטאָקאָל פון פאָריקער זיצונג. אָנוועזנדע טראָגן אַריין קליינע אויסבעסערונגען, אייניקע פּינקטלעכקייטן, איין מענדעלע זאָגט, אַז ער האָט גאָרנישט געזאָגט דאָס, וואָס דאָ איז פאַרשריבן. דער סעקרעטאַר פּראָטעסטירט, די אָנוועזנדע באַשטעטיקן, אַז דער סעקרעטאַר האָט ריכטיק פאַרשריבן, און מענדעלע, ניט האָבנדיק מיט וואָס צו פאַרענטפערן זיך, רופט אויס: „איך בין דען מעכויעוו צו געדיינקען, וואָס איך האָב גערעדט פאַראַכטאָגן".

ער האָט זיך נישט גאָר גוט געפילט צווישן די פאָרמאַליטעטן — פון פּראָטאָקאָלן, „ווערטער" און פאַרשידענערליי „פּרינציפּן". ער איז אין דער קאָמפּאַניע פון אידעאָלאָגיש דיסציפּלינירטע מענטשן געווען אַ „ווילדער".

שוין אין 1900־טן יאָר ווערן די וויקוכים אין קאָמיסיע אַרויסגעטראָגן אין דער עפנטלעכקייט — אַף אַלגעמיינע פאַרזאַמלונגען פון „מעפיצי האַסקאָלע".

שאַרף ווערט דעבאַטירט די פראַגע פון דערציאונג. איינמאָל, ווען עס איז געקומען צו אַ שאַרפן קאָנפליקט צווישן די אַסימילאַטאָרן און נאַציאָנאַליסטן, האָט מענדעלע נישט געוואוסט צו וועמען צושטיין. ער איז געבליבן אליין, דאָס האָט אים זייער געקרייגקט. ווען דובנאָוו האָט אים איינמאָל געפרעגט, פאַרוואָס ער שטייט נישט צו די, וואָס קעמפן קעגן אַסימילאַציע, איז ער אין קאַס געוואָרן און בייז געענטפערט: „איר אַלע זענט אידן מיט צוגעקלעפּטע צעטעלעך: נאַציאָנאַליסטן, ציאָניסטן, פּאַלעסטינער, און איך בין גלאַט אַ איד, נאָר פון אזעלכע אידן באַשטייט אונזער גאַנץ פאָלק".

אין דער פאָררעדע צום „סייפער האַבהיימעס" (1902) זען מיר טאַקע דעם מענדעלען, ווי ער איז אַפן קרייזל צווישן כאַווײרים, וועלכע דיסקוטירן אַף פאַרשידענע געזעלשאַפטלעכע טעמעס. ער קריטיקירט אַלע טעאָריעס, ווי ציאָניזם, נאַציאָנאַליזם א. א. — ער גלויבט נישט אין זיי, פאַר יעדע געפינט אַ

באַזונדער כוויזעקל — קיין אייגענע פֿעסטע מיינונג האָט ער דאָך נישט וועגן די זייער שאַרפֿע פֿראַגן פֿון יענער צייט.

אין 1899־טן יאָר הייבט מענדעלע אָן דרוקן זיין לעצט קינסטלערישע ווערק, „שלוימע רעב חיימס".

אין דעם ווערק האָט זיך מענדעלע אינגאַנצן אַריבערגעטראָגן אין דער פֿאַרגאַנגענהייט, — ער האָט אונז אין אַ פֿאָרם פֿון אַ איבערגעדיכטעטער אויטאָביאָגראַפֿיע דערציילט וועגן זיינע קינדער־יאָרן, זיין סוויווע, — דאָס אידישע שטעטל פֿון די 40—20־ער יאָרן שווימט ווידער אַרויף פֿאַר אונזערע אויגן.

ס'איז קאַפּוליע, וואו מענדעלע איז געבוירן געוואָרן און פֿאַרבראַכט זיין קינדהייט און יוגנט. מיט וואַרעמער ליבשאַפֿט דערמאָנט ער זיך אין די געשטאַלטן, וואָס האָבן אים אין די קינדער־יאָרן אַרומגערינגלט — דאָ האָבן מיר מענדעלעס טאַטער און מוטער, ליבע רואוונס — די פּאָעטישע געשטאַלט פֿון מענדעלעס רעבן, באַלמעלאָכע־געשטאַלטן, איינפֿאַכע געזונטע מענטשן, צו וועלכע מענדעלען האָט אין דער יוגנט געצויגן.

אַ צווייענדיקן זעען מיר דעמאָלט מענדעלען: אין זיינע פּובליציסטישע ווערק פֿון די 90־ער יאָרן איז ער שטענדיק אומצופֿרידן מיט דער ווירקלעכקייט, אַ בייזער קריטיקער, אַ ביס־קער אָפּלאַכער, און אין גרעסטן קינסטלערישן ווערק פֿון דער צייט אין שלוימע רעב חיימס — אַ ווייכער, קימאַט אַ לירישער, וואו ער דערציילט די שיינע געשיכטע פֿון זיין קינדהייט מיט טיפֿער ליבשאַפֿט, מיט שטאַרקער בייַנקשאַפֿט.

אין סטיל האָט שוין מענדעלע דאַן דערגרייכט זיין העכסטן שטאַפּל. ער האָט מיט שלוימע רעב חיימס אונטערגעפֿירט אַ סאַכאַקל צו זיין לעבן, אונטערגעפֿירט איינצייטיק אַ סאַכאַקל צו אַ יאָרהונדערט, וואָס איז אַוועק.

די גרעסטע אויפֿמערקזאַמקייט לייגט ער איצט אויף דער שפּראַך. פֿאַר אים איז איצט וויכטיק יעדער ניואַנס, יעדער קלענסטע שאַטירונג אינם אויסדרוק. מענדעלעס פֿריינט בען־אַמי דערציילט:

„איינמאָל האָט ער מיר איבערגעלייענט דעם אָנהייב פֿון אַ קאַפּיטל. איך בין געווען אַנציקט. „עס טויג אויף קאַפּאָרעס", האָט רעב מענדעלע געזאָגט. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט ער מיר ווייטער איבערגעלייענט די אייגענע שטעל, זי האָט מיר אויסגעוויזן גלענצנד. „ניין, זאָגט מענדעלע, נישט דאָס, עס טויג נישט". ערשט אויפֿן דריטן מאָל איז ער געווען צופֿרידן.

---

## VII

דער אָנהייב פֿונם צוואַנציקסטן יאָרהונדערט, די גרויסע רעוואָלוציאָנערע געשעענישן, וועלכע האָבן אופגעטרייסלט דאָס לאַנד און אריינגעבראַכט אזויפיל ענדערונגען אויך אינם אידישן לעבן, טרעפן שוין מענדעלען אין גאָר א טיפער עלטער, ער שטייט בּא א זייט און רעאַגירט וויניק אַף די ארומיקע געשעענישן.

קיין נייע גרויסע ווערק שרייבט מענדעלע שוין נישט. ער דרוקט ווייטערדיקע קאַפּיטלען פֿון „שלוימע רעב כאַימס". ער איז איצט אינגאַנצן געווענדעט צו דער פֿאַרגאַנגענהייט.

אין דערזעלבער צייט צעבּליט זיך די אידישע ליטעראַטור, זי רוקט ארויס נייע בּאגאַבּטע קינסטלער, עס דערשיינען ווערק מיט נייע טעמעס און נייעם אינהאַלט. און אַרום מענדעלעס נאָמען שוועבּט שוין איצט נאָר דער אווטאָריטעט פֿון זיינע אמאָליקע פֿאַרדינסטן.

אין 1905, ווען עס בּרעכן אויס אין רוסלאַנד אידישע פֿאָגראָמען, פֿאַרלאָזט מענדעלע מיט זיין פֿאַמיליע רוסלאַנד און פֿאָרט אוועק קיין זשענעווע (שווייץ).

אין זשענעווע רוט ער זיך אָפּ פֿון די שווערע כאדאָשים, וועלכע ס'איז אים אויסגעקומען דורכצולעבּן אין רוסלאַנד.

בּען־אמי, וואָס האָט דאַן איניינעם מיט מענדעלען געלעבּט אין זשענעווע, דערציילט וועגן יענער צייט.

„מענדעלע אליין איז איינגער געוואָרן מיט צוואַנציק יאָר. דאָס לעבּן אינם שיינעם לאַנד „אָן דוואָרניקעס", אָן „פּריסטאַוועס", אָן „גאָראָדאָוואָיעס" און אנדערע מוישלים, וואו מ'קען זיך בּאגיין אָן א „פּאַשפּאָרט", צווישן מענטשן מיט מענטשלעכע פּעניִמער און ניט מיט פּעניִמער פֿון א כאַיע ראָע, וואָס ווארפֿט אַף דיר אַ שרעק, — דאָס אלץ האָט אים אופגעהויבּן, געשטאַרקט דעם גייסט".

אין דער רואיקער אטמאָספער האָט מענדעלע ווידער אָנגעהויבּן אַרבּעטן איבּערן צווייטן טייל פֿונם „ווינשפינגערל".

דאָרט אַרבּעט ער איבּער זיינע ווערק אפּסניי, ער גרייט זיי צו צו א פֿאָלשטענדיקער אויסגאַבּע אף אידיש און העבּרייאיש, וואָס דאַרף דערשיינען אין צוזאַמענהאַנג מיט זיין 70 יאָריקן יובּילײ. אין זשענעווע פֿאַרבּריינגט מענדעלע 2 יאָר און קערט זיך (אין 1907) צוריק מיט זיין פֿאַמיליע אום קיין אָדעס.

צו דער צייט ווערט אין אָדעס געשאַפן א יובליי־קאָמיטעט, וועלכער דאַרף ארויסגעבן אלע ווערק מענדעלעס, ער לאָזט אַפילע אַרויס א ספּעציעלן אופרוף וועגן דעם, אָבער דער קאָמיטעט באַווייזט אָפּצודרוקן נישט מער ווי צוויי בענדער (1907) און שטעלט אָפּ זיין אַרבעט.

איינע פון די סיבעס איז געווען דאָס, וואָס אן אַמעריקאַנער פארלאַג האָט אַף אן אומגעזעצלעכן אויפן אָן דער ערלויבעניש פונם אווטאָר אָפּגעדרוקט קי־מאַט אלע מענדעלעס שריפטן אין 12 ביכער און זיי פאַרשפּרייט איבער דער גאַנצער וועלט.

אין 1909 באַזוכט מענדעלע אייניקע גרויסע אידישע שטעט אין פּוילן און ליטע. זיין אַרויספאָר ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער טריומף־רייזע, טויזנטער מענטשן האָבן אים מיט דער גרעסטער באַגייסטערונג באַגעגנט אַף דעם גאַנצן וועג פון זיין נעסיע.

מענדעלע אַליין איז פון דער רייזע געווען שטאַרק איבעראַשט. ער האָט זיך אַליין ניט געריכט, אַז ער זאָל האָבן אַזויפיל לייענער און פאַרערער. „איך האָב גאָרניט געוואוסט וועכן איך האָב, האָט ער נאָכדעם געזאָגט, איצט הייב איך אָן גלויבן, אַז ניט אומזיסט איז געווען מיין ארבעט. שטעלט זיך פאָר: טרעגער, גאַס־טרעגער זיינען געגאַנגען מיך באַגעגענען".

אין 1910־טן איז געפייערט געוואָרן מענדעלעס 75־יעריקער יובליי.

אָט־אָ דער צווייטער יובליי מענדעלעס האָט זיך שטאַרק אונטערגעשיידט פונם ערשטן (אין 1884־טן יאָר).

אויב דער ערשטער יובליי איז געפייערט געוואָרן דורך א הייפל בורזשואַז־אַסימיליאַטאָרישער אינטעליגענץ, אויב דאַן האָבן די ברייטע פאָלקס־מאַסן ווייניק געקענט מענדעלען, האָבן מיר בעאייסן צווייטן יובליי א גרויסע באַוועגונג, וואָס פארכאַפּט די גאַנצע אידישע געזעלשאַפטלעכקייט פון יענער צייט.

ס'איז דאָס 1910 יאָר, די צייט, ווען די רעאַקציע אין רוסלאַנד דערגרייכט איר העכסטן שטאַפּל. די רעוואָלוציע פון 5־טן יאָר איז דערשטיקט, פון די פרייהייטן, וואָס דער אַרבעטער־קלאַס האָט אַרויסגערופן אין די שטורעם־טעג, איז קיין זייכער ניט געבליבן, סטאָליפּין שטעלט איין „אָרדנונג" אין לאַנד אַף די ביינער פון הונדערטער צעשאָסענע אַרבעטער און פויערים.

אין דער אידישע סוויווע האָבן מיר דעמאָלט צו טון מיט דעם פאַנאַנ־דערבלי פונם ציאָניזם, פון דער צווייטער זייט קומט דער אידישיזם, וואָס ווערט אין די יאָרן פון רעאַקציע א זעלבסטציל — אידיש — צוליב אידיש. די אידישע אַרבעטער־באַוועגונג איז, ווי די אַלגעמיינע, צעקלאַפּט, אַוועק אין אונ־טערערד, אין דער לעגאַלער געזעלשאפטלעכקייט הערשן נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען.

די אידישע בורזשואַזיע איז שוין דיפערענצירט — דאָס קליינבירגערטום האָט זיך באַוויזן צו אָרגאַניזירן, באַקומען איר אייגענע אידישע פּרעסע, אירע

רגאַניזו אין פאַלעסטינען—אין די קליינבירגערלעכע אינטעליגענץ, וועלכע האָט די מעגלעכקייט צו פירן אין דער אַטמאָספער פון האַלב־לעגאַלישקייט א פּאָליטיש געזעלשאַפטלעכע אַרבעט, נעמט איבער דעם יובליי צו זיך אין די הענט.

דער יובליי איז געפּייערט געוואָרן אין אלע גרעסערע שטעט אין רוסלאַנד, ווי אויך אין אויסלאַנד. טויזנטער באַגריסונג־טעלעגראַמען זיינען די טעג אָנגעקומען דעם זיידן־מענדעלען פון זיינע פאַרערער און פריינט.

ס׳זיינען אויך געווען באַגריסונג־טעלעגראמען פון אייניקע אידישע סאָציאַליסטישע פּאַרטייען.

די אידישע קליינבירגערלעכע פּרעסע האָט אין די טעג אסאך אופמערקזאַמקייט אָפּגעגעבן מענדעלען. דער אָרגאַן פון דער אידישיסטיש־געשטימטער אינטעליגענץ „דער פריינד״ האָט ספּעציעל צום יובליי אַרויסגעגעבן אַ זאַמלבוך געווידמעט מענדעלען.

די אַנדערע בירגערלעכע אידישע צייטונגען („היינט״, „מאָמענט״) האָבן געווידמעט אַרטיקלען, גרעסערע אָפּהאַנדלונגען. די אַלע ארטיקלען און אָפּהאַנדלונגען האָבן זיך דאָך, ניט געקוקט אַף די פאַרשיידנקייט פון די אָרגאַנען, אין אַלגעמיין ניט שטאַרק אונטערגעשיידט איינער פונם אַנדערן.

מענדעלע ווערט דאָ אומעטום ארויסגעשטעלט אלס נאַציאָנאַלער קינסטלער, וואָס האָט אין זיינע ווערק פאַרייביקט דאָס אָוועקגייענדיקע אידישע לעבן, ער ווערט געשעצט פאַר זיין באַציאונג צו דער אידישער שפראַך, פאַר זיין פּאָזיטיווער ווירקונג אַף דער אידישער ליטעראַטור.

אָבער דעם הויפּט־מאָמענט פון מענדעלעס שאַפן—זיין קאַמף אַקעגן די באַדריקער פון דער אידישע מאַסע—ווערט אָפּגעגעבן ווייניק אופמערקזאַמקייט. מ׳וויל דעם קאַמף דערקלערן בלויז מיט אָפּגעלעבטע האַסקאָלע־טענדענצן, און מ׳פאַרשוייגט דערביי אינגאַנצן מענדעלעס הויפּט־מאָטיוו—די סאָציאַלע דיפערענצירונג פון דער אידישער באַפעלקערונג, דעם אינעווייניקסטן סאָציאַלן קאַמף, וואָס קומט אין איר פאָר.

אין דעמזעלבן גייסט האָבן גערעדט מענדעלעס נאָענסטע פריינט אַף דעם באַנקעט לעקאָוועד מענדעלען אין אָדעס. דער אַדרעס, פון דער ליט. געזעלשאַפט אין אָדעס (געשריבן אַף העברייאיש), וואָס איז דורכגעלייענט געוואָרן אַפן באַנקעט, פאַרענדיקט זיך אַזוי: „אָן א שיר האָסטו פאַרברייטערט די גרענעצן פון דער העברייאישער שפראַך און האסט איר צוגעגעבן די לעבעדיקע פאַרב, די לעבעדיקע באַוועגונג און די פּלאַסטישע מאַמאָשעס און דערמיט געבראַכט פאַרלייכטערונג און אויסלייזונג פאר יעדן יונגן טאַלאַנט, וואָס האָט אָנגעהויבן שפּראָצן. און אויך די פאָלקס־שפּראַך האָסטו באַהויכט מיט דיין שטאַרקן גייסט און האָסט זי דערהייבן צו דער מאַדרייגע פון א ליטעראַטור־שפּראַך, און דורך דיין האַנט בליט זי איצט און וועט ניט אופהערן צו געבן פרוכטן צו דערקוויקן דעם גרויסן האַמוין און צו דערנעענטערן זיין גייסט צו די קוואַלן פון לעבן און אייביקייט פון אידישן פאָלק״.

דער אידישער אַרבעטער האָט בעאַיים מענדעלעס יובּילייּ צום וואָרט ניט געקענט קומען, זיין פּרעסע זהאָט דער אַרבעטער דעמאָלט ניט געהאַט, די פּאָליטישע אומשטענדן האָבּן אים ניט דערלויבּט נעמען אַן אקטיוון אנטייל אינם פּייערן דעם יובּילייּ פונם גרויסן אידישן פאָלקס־שרייבּער, געבּן מענדעלען די אָפּשאַצונג, וואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט געדאַרפט געבּן.

---

די מילכאָמע־יאָרן פּארבּרייננט מענדעלע אין אָדעס. ער איז שוין אַלט, מ׳יד און קריינקט אָפט. דאָך טראָגט ער זיך נאָך אַרום מיט פּלענער—ער וויל ווייטער איבּעראַרבּעטן זיינע יוגנט־ווערק, אַפילע די נאַטור־וויסנשאַפט.

אין 1915 יאָר מוז מענדעלע פּאַרלאָזן זיין שטעלע אלס פּאַרוואַלטער פון דער טאַלמוד־טוירע. ער איז שוין אַלט און צעבּראָכן און קען מער ניט אַרבּעטן. מ׳באַשטימט אים אַ שטענדיקע פּענסיע. אַפן אָפּשייד־אָוונט אין טאַל־מוד־טוירע, וואו מ׳האָט געהאַלטן הייסע רעדעס, צוגעטראָגן מענדעלען לאנגע אַדרעסן אוכעדוימע, איז ער אליין, ווי מ׳גיט איבּער, געזעסן אַ נידערגעשלאָ־גענער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ. ס׳האָט אים שטאַרק באַנק געטון, וואָס ער מוז זיך שיידן מיט דער ארבּעט, בּאַ וועלכער ער איז געשטאַנען גאנצע 34 יאָר.

מענדעלע שרייבּט קימאַט בּיז די לעצטע טעג פון זיין לעבּן, דאָס לעצטע מאָל האָט זיך מענדעלע געדרוקט אינם זאַמלבוך „אונטערוועגנס״, וואָס איז ארויס אין אָדעס בּאַלד נאָך דער פּעווראַל־רעוואָלוציע.

די פּעווראַל־רעוואָלוציע האָט מענדעלע אופגענומען מיט באַגייסטערונג. און כאָטש ער האָט שוין קיין דירעקטן אנטייל אין געזעלשאַפטלעכן לעבּן ניט גענומען, האָט ער די רעוואָלוציע געפילט, ווי זיינעם אַן אייגענעם יאָנ־טעוו. דאָס זעט מען פון זיינע באַגריסונגען צום צוזאַמענפאָר פון „בונד״, וואָס איז פּאָרגעקומען בּאַלד נאָך דער פּעווראַל־רעוואָלוציע, און צום אידישן אַרטיסטן־צוזאַמענפאָר אינם זעלבּן יאָר.

און נאָך אין דער לעצטער באַגריסונג — צום אידישן אַרטיסטן־צוזאַמענפאָר— זאָגט מענדעלע צו „אַז גאָט וועט מיר שיינקען דאָס לעבּן, וועל איך קומען צו גאַסט צו אייך, צו די קינדער מיט נייע ביכלעך און וועל זיך לאָזן זען מיט אַ גרויסן דראָשע־געשאנק״.

ער האָט זיך נאָך דאַן געפילט בעקויעך צו שאַפן.

אָבּער די עלטער האָט געטון אירס. מענדעלע הייבּט ווידער אָן קריינקען, זיין קראנקייט נעמט אָן אַ שווערן כאַראַקטער, און דעם 8־טן דעקאַבּר 1917 שטאַרבּט מענדעלע.

אין דער גרויסער לעוואַיע, וואָס אָדעס האָט שוין לאַנג אַזאַ ניט געזעען, האָבּן אנטייל גענומען טויזנטער מענטשן. מ׳האָט באַלייט דעם גרויסן אידישן שרייבּער, וואָס האָט אין מעשעך פון 60 יאָר ניט אוועקגעלייגט די פּען, גע־

לייגט אן אָנהייב צו אונזער מאָדערנער ליטעראַטור, אָפּגעשפּיגלט אַ גרויסע עפּאָכע פונם פאַרגאנגענעם אידישן לעבן.

---

מענדעלע האָט אין מעשעך פון עטלעכע יאָרצענדליקער געמאָלט דאָס לעבן פון די אָרעמע אידישע מאַסן, געשילדערט דעם לעבנשטייגער כון קאַבצאַנסק און גלופּסק, וואָס האָבן געלעבט קימאַט אַן אומענטשלעך לעבן אין די באַדינגונגען פון צאַרישן רעזשים.

מענדעלע האָט אין זיינע ווערק קיין דירעקטן אויסוועג פון דער לאַגע ניט געוויזן, קיין קלאָרע לאָזונגען פון קאַמף, וואָס זאָלן זיין נאָענט דעם אַר־בעטער־קלאַס ניט געגעבן, ער האָט אָבער מיט זיינע בילדער, וואָס שילדערן דעם סאָציאַל־עקאָנאָמישן מאַצעוו פון די אידישע מאַסן, געוועקט דעם באַ־וואוסטזיין פונם אידישן אַרבעטער, אים געהאָלפן צו באַנעמען די סאָציאַלע פאַרהעלטענישן אין דער אידישער סוויווע.

אין מענדעלען שעצט דער אידישער ארבעטער דעם ערשטן אידישן שריי־בער, וואָס האָט אין זיינע ווערק אופגעהויבן אַ באַוואוסטזיניקן קאַמף אַקעגן די באַדריקער פון די אָרעמע מאַסן; אין מענדעלעס געשטאַלט זעט דער אידישער אַרבעטער אויך דעם גרויסן קינסטלער, וואָס האָט אין זיינע ווערק צום ערשטן מאָל אין דער אידישער ליטעראַטור אַף אַ ברייטן לייוונט געוויזן די סאָציאַל־עקאָנאָמישע דיפערענצירונג אין דער אידישער סוויווע, די פאַרשידענע שיכטן אין זייער קאַמף פארן לעבן. אין מענדעלען שעצן די אידישע אַרבעטער דעם שעפער פון דער אידישער ליטעראַרישער שפּראַך, דעם גרינדער פון דער מאָ־דערנער אידישער ליטעראַטור.

---